STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH
LIBRARY NO. 19002

# TSULIB VOS IKH SHRAYB

Yitzhak Choroschitz
(Yitskhok Kerish )



YIDDISH BOOK CENTER

AMHERST, MASSACHUSETTS

*Added to the Steven Spielberg Digital Yiddish Library with generous permission of Isaac Karish's Great Granddaughter, Wendy Levin Westgate. Translated into English by Miri Koral.*

0-657-19002-0

D:\YIDDISH\TITLES\9780657190026T.PS

**Brief Biography of Isaac Karish (Yitzhak Choroschitz)**

Yitzhak Choroschitz (Isaac Karish) was born on Sept 10, 1878 in a shtetl (possibly Lomza) in the province of Bialystok, Poland. His parents were Karl and Chayka (Ida) Karish. He had five siblings: brothers Gydal, Julius, and David, along with two sisters, Katherine and Lillian.

His family were millers. His father Karl Karish was a cantor with a beautiful voice. Isaac had a lovely singing voice as well. He attended yeshiva in his shtetl until his questioning of everything culminated in a physical altercation with the Rabbi, at which point Isaac ran away to the city of Bialystok and joined the Communist movement. He became a labor organizer which is how he met Malka Novick, my great-grandmother, at the factory where she worked in Bialystok.

His memoir recounts that he spent time in jails in Russia under the Czar for organizing against the government. In 1905, after an aborted revolution (the leftists tried to overthrow the Czar), Isaac and Malka left Russia/Poland (due to changing borders it's hard to say which country they actually left). They smuggled themselves out of Russia and made their way to London, England, where they married and had their first two children, Chasha (Ann) and Leah (Lillian).

After approximately four years in London, the family immigrated to the U.S. (Isaac went first in 1908, Malka and the two girls following a year later). They settled in Chicago, where many other family members lived. The two boys, Nathan and Paul, were born there.

Isaac was a woodworker by trade and later became a master cabinetmaker (I possess two of his beautiful inlaid wood cabinets.)

He read "The Forward" and "Morgen Freiheit" (in Yiddish, of course) and he and Malka were active and beloved members of the Jewish socialist singing group Freiheit Gesangverein.

He was a fervent believer in Stalin's ideals for most of his life and very idealistic about the wonders of communism. When the truth came out about Stalin's reign of terror, it was very hard for him to come to terms with it. He eschewed religion but would occasionally celebrate traditional Jewish holidays like seders with family.

The whole family he had with Malka was very musical. They all participated in the Freiheit Gesangverein, which was led by their close friend Jacob Schafer. All four children played instruments and his daughter Leah (Lillian)—my grandmother—went on to become a concert pianist.

In 1931 he was caught up in a raid on Chicago's Communist Headquarters and was sent back to Russia. He describes that trip in his memoir, including visits to woodworking factories where he was celebrated and credited with helping to innovate solutions. It appears that he returned to the U.S. within a year.

He became a citizen of the United States on Dec. 14, 1932.

Isaac died on Dec. 2, 1969 in Los Angeles.

The manuscript—typewritten Yiddish pages bound together between two cardboard covers with a string—came to me from my mother, passed down to her from her mother. We had no idea what the pages contained until I started learning Yiddish and paid my Yiddish teacher (Miri Koral, a native speaker) to translate it. We were stunned to learn that it was in fact his life story told in beautiful rhyming verse. I consider it a masterpiece and a treasure and am thrilled to share it with all who have an interest in Yiddish and Jewish history.

**Wendy Levin Westgate, great-granddaughter of Isaac Karish**

# "WHY I WRITE"

## A MEMOIR BY ISAAC KARISH

Born: Bialystok, Poland in 1878

Died: Los Angeles, California - 1969



Photograph 1: The Karish family photographed in Russian Poland, ca. 1900. From left: Julius Karish (Isaac's brother), Chayka (Ida) Karish (Isaac's mother), Malka Novidvoritz (Isaac's girlfriend/fiancé), Isaac Karish, Khone Leyb Karish (Isaac's father), Karl or David Karish (Isaac's brother).



Photograph 2: Isaac Karish probably photographed in Chicago, ca. 1910



Photograph 3: Isaac and Malka Karish's children: Leah (Lillian), Khashe (Ann), Nusn (Nathan), and Pesach (Paul) Karish, Chicago, ca.1916



Photograph 4: Isaac Karish, probably photographed in Chicago, ca.1930



Photograph 5: Isaac and Malka Karish, Los Angeles, ca.1944



Photograph 6: Isaac Karish at the Yiddish typewriter on which he typed this memoir, with great-granddaughter Kim, Los Angeles, ca. 1961.

## צוליב וואָס איך שרייב 1

ברודער! דו פרעגסט מיר:
צו וואָס טויג דיר דיין שרייבן ?
מאטערן אומזיסט דיר דעם מויאך ,
צו וואָס דער גראמען קלויבן
אז ניטאָ איז דער דיכטערשער קויאך .

ווער דארף דיינע גראמען ?
ווער נויטיקט זיך אין זיי ?
וואָס דו בינדסט צוזאמען
ווי שוואכע בינטלאך שטרוי .

נוצלאָז איז דער בינדן
דיין בלאסן שוואכן גראם,
דו וועסט אין קיינעמס הארץ ניט צינדן
דעם שוואכסטן קלענצטן פלאם .

יאָ, איך ווייס דאָס ברודער
איך שטים איין מיט דיר,
אז איך בין ניט קיין שרייבער
איז ניט קיין סויד פאר מיר .

נאָר איך פארשרייב אין גראם
מיין פרייד, און אויך מיין חיי
ס'וועט עפשער איינער פון מיין שטאם
א קוק טאָן ווען אף זיי .

און וועט זיך באקאָנען
מיט האָפענונגען און שטרעבן ,
און וועט אמאָל דערמאָנען
מיין פארגאנגענעם שווערן לעבן .

װען אונטער סערפּ און האמער פאָנען
מיט פרייד, מארשירן װעט מײן שטאם,
װעלן זײ מיך אויך דערמאָנען
אין מײן פראָסטן שװאכן גראם .

און דאָס איז ברודער, פארװאָס איך שרײב
און מאטער זיך דעם מויאך,
װײל איך בין זיכער, און איך גלויב
אין אונזער קאמף, אין אונזער קויאך .

צו דיר מיין טייערע ליבע געטרייע כאווערטע.
און צו אייך אונזערע זיסע קינדער , רייד איך
דא אין דעם בוך.
אסאך וואסערן זיינען איבער אונזערע קעפ .
אריבער געלאפן , שטורעמדיקע, און אויך גלאטע,
האבן אונזער לעבנס שיף געטראגן , מיר האבן זיך
אלעמאל געטיילט סיי מיט די פריידן ,און סיי מיט די
ליידן . און איצט. צו מיין 69 יאריקן געבורטס טאג
דריק איך אויס מיין גליקלעכע פרייד מיט אונזער
איינקייט, און איך האף און בין זיכער אז דאס וועט
אזוי זיין ביז דעם לעצטן טאג פון מיין לעבן .

א גרויסן דאנק. דיר. מיין טייערע כאווערטע. און
ארויסהעלפערן אין אלץ וואס איך האב געען עם אין
געטאן. און טו איצט, וויל נאר מיט דיין הילף בין
איך בעקוואך איצט צו דרוקן דעם בוך . און. זאל.
דער בוך זיין די הארציקע באלוינונג פאר דיין טייערע
הילף .
אייער כאווער און טאטע , יצחק קעריש .

אף מיין וועג .
איך רעדט אראפ זיך פון מיין הארצן
אלע דורכגעלעבטע טעג ,
ליכטיקע, נאר מערער שווארצע
דורכגעלעבטע אף מיין וועג .

זאל דאס בלייבן אין זיקארן
פאר די. וויטערדיקע טעג .
זאל קיין זאך ניט גיין פארלארן
פון מיין לאנגן שווערן וועג .

# מיין קינדהייט.

עס שפרייטן זיך וועלדער און פעלדער
ניט צו גרייכן מיטן אויג זייער ברעג,
אין מיטן עס שלייגלט זיך דורך
א לאנגער א זאמדיקער וועג.

באם זייט דארט עס ציט זיך א שטעגל
צווישן טאפאליעס און ווערבעס אסאך,
צו א הילצערנע שטיבל א קליינע
אונטער א שטרויענעם דאך.

די ווענט מיט ליים באשמירט
פון פראסטע ברעטער געמאכט איז די טיר,
די קליינע פענצטערלאך באפוצט
מיט גארדינען פון פאפיר.

דער טיש די בייגק פראסטע הייטע
מיט וואזאנעס אלערליי,
א קאמאד, א קינדערבעט א גרויטע
אין קאמער, א היינגהייבל און בעטן צוויי.

ארום שטוב א שיינער גארטן
ניט ווייט דער וואסער קוואל,
צום וואנט עס טוליעט זיך
די צונעבויטע שטאל.

פארן פעהדל פארן שיינעם
היינער, העגנער אלערליי,
פאר די גוטע ליבע שכנים
פאר די קיעלאך די פיר.

צווישן פעלדער ווײטע ברײטע
פארן פרײען ווינט א שפּיל,
שטײט מיט פליגלען ברײט צעשפּרײטע
אונזער שפּײזערן די מיל.

עס איז א פרײד א פארגעניגן
די מיל איז פול מיט ברויט געפּאקט,
דער ווינט ער זינגט א ניגן
דער בײטל קלאפט אים צו צום טאקט.

אלץ איז פראסט, און דאָרפיש פּדיש
מילך קאַרטאָפליעס שטענדיק גרײס,
אונטערן טישטאך אויפן טיש
דער שווארצער לאבן ברויט.

און פאר פויגל אלערלײ
איז דאך און בוידים זײער דירע,
יעדער פרימאָרגן הער איך זײ
בײציבור זינגען שירע.

דער טאטע מאָלט דאָס ברויט
פארן גאנצן הויזגעזינד
די מאמע קאָכט באקט און נײט
און די באָבע זיצט און שפּינט.

הער זײדע איז אוועק
ערגעץ בויעט ער א מיל,
אזוי גײען זיך די טעג
רואיק זאנפטיק שטיל.

דער רעבע זיצט און קנעלט
מיט מיר און מײנע ברידער,
און פירט אונז אין אין אנדער װעלט
פון כומעש, טילים, סידער .

און מען דאנקט און לויבט דעם בוירע
און מען איז צעפרידן,
װאָס די קינדער לערנען טוירע
װאקסן פרומע אידן .

ניט געטראכט פון קיין אשירעס
ניט געזוכט דאָס ערגעץ װאו,
כאלע, פיש, פלייש און זמירעס
געטראכט: פון שאבעסדיקער רו .

נאָר ניט לאנג האָט דאָס גענומען
ניט אף לאנג איז גליק באשערט,
און א שטורעם איז געקומען
אונזער גוטע נעסט צעשטערט .

די מיל, זי װערט צעבראָכן
אביסל שפענער נאָר געבליבן,
און נאָך פילע הונגערע װאָכן
דאָס געזינדל װערט צעטריבן .

דער טאטע און דער ברודער
אין שטאָט שוין לאנג אװעק,
איך, בי אין טאלמוד טוירע
בא פרעמדע טישן, עסן טעג .

אלץ אוועק אין מיטן דינסט
אף ברויט פארקויפט שוין ביז דאָס לעצט,
אונזער גאנצע הויזגעזינד
אין שטאָט זיך שוין באזעצט.

דער טאטע ארבעט אין פאבריק
די מאמע זויגט א פרעמדן קינד,
און פון דעם גאנצן גליק
קאָם טרוקן ברויט פארן געזינד.

און עס פייפט דער דאלעס
אין הויז, עס הערשט די נויט,
און א צונאָב צו דעם אלעס
א אָפטער גאסט דער טויט.

באָרוך דאיאָן עמעס
דער טאטע מאכט די בראָכע,
טרויער, טרערן, שיווע,
ס'ווערט קלענער די מישפאָכע.

אין דער וועלט דער גרויסער
צעלאָזט זיך די מישפאָכע,
איינער דינט דעם קייסער
און איך לערן א מעלאָכע.

ווידער הונגער, ווידער ליידן
בא די מייסטערס אליין קאבצאָנים,
אף שוכן און אף קליידן
געזונגען בא כאזאָנים.

און איך טרעט אריין
אין דער ארבעטער ארמיי,
און שווערע געטריי צו זיין
אייביק קעמפן גלייך מיט זיי

קעגן אלע געקרייניטע באנדיטן
פון דעם פאלאץ ביזן גאס,
קעגן די וואס אונטערדריקן
מיין הארעפּאשנעם קלאס.

פאר דעם קאמף דעם גרויסן
גיב איך מיינע יונגע טעג,
שטורעמס און ארעסטן
טרעף איך אף מיין וועג.

געקעמפט, ביז בלוט מיט זיי
געהונגערט און געפאסט,
אין טורמעס אלערליי
געווען א אָפטער גאסט.

אין ברויזנדיקן שטורעם
זיינען יונגע טעג געלאָפן,
איך האָב א כאַוועריטע, א ליבע
אף מיין וועג געטראָפן.

א כאַווערטע א מוזיקע
אין די קעמפערישע רייען,
און אויפן ווייטעדיקן וועג
קעמפן מיר אין צווייען.

גאסן ברייטע, הייזער שיינע
פאר די רייכע, געפוצטע זאלן,
געסלאך שמאָלע, הייזלאך קליינע
אין די אָרימע קווארטאלן.

סירן, פענסטער, א לאנגע ריי
אין די גרויע לאַנגע װענט,
א גרויסע מישפּאָכע אין צימערן צוויי
א באָרדער, העלפט צאָלן די רענט.

מען האָט אונז דאָרטן אויפגענומען
ווי אָנגעלייגטע געסט,
א צימערל א קלענינקער
געווען איז אונזער נעסט.

איינגעקויפט אלטע אנטיקן
פאר א וואָך באצאָלט די רענט,
אוועק צו די פאבריקן
פארדינגען פרישע הענט.

צופיל הענט דאָרט געטראָפן
געלע גרינע, אלערליי
גענוג געזוכט זיך אָנגעלאָפן
קאָם פארדונגען מיינע צוויי.

א ווערקשאפּקע א קליינע
ווי א הינער שטייג,
פארזעצט די קליידער מיינע
צו קויפן זיך געצייג.

א פרײַע לאַנד, נישטאָ קײן צװאַנג
דער אַרבעטער, איז רואיק שטיל,
מען אַרבעט אַזױ לאַנג
װיפיל דער מײַסטער װיל.

א יוניאָן מיט א פעטע שיטל
נעמערס, װי די בינען,
נאָר קלאַסנקאַמף א ביסל.
מיט ליכט ניט צו געפינען.

סאָציאַליסטן, קערן װעלטן
צום קעסטל גײ און שטים,
א צײַטונגל א װאַסערדיקס
כאָטש טו זיך אויס און שװים.

דער װאַלן קאַמף ער ברענט
יעדער פירער, א קאַנדידאַט,
אין רײַכן פּאַרלאַמענט
צו זײַן א דעפּוטאַט.

טויט און שטיל בא די סאָציאַליסטן
געל און בלאַס װי שטרוי,
רויטער קאַמף בא די אַנאַרכיסטן
איך בין אװעק צו זײ.

קראָפּאָטקינס שמײַסט, א כידעש
מיט א פײַערדיקן בײַטש,
ראָקער שרײַט ! אין אידיש
װי א קאַלװעריער דײַטש.

און עס האָבן נייע ברידער
אריינגענומען מיר אין מיטן,
אין קאַמף, איך שטיי שוין ווידער
מעגן נייע פאַראַזיטן.

ס'פאַרציט זיך לאַנג דער שטרייט
פּימעטן, טאָג איין טאָג אויס,
מיין כאַווערטע, שוין אף דער צייט
אָן א ביסן ברויט אין הויז.

דורכגעטראָגן הונגער נויט
געקעמפט ביזן לעצט,
פאַר א שטיקל טרוקן ברויט
די לעצטע קישן שוין פאַרזעצט.

און ניט איינמאָל קעמפנדיק
איז רויטע בלוט גערונען,
ביז מיר האָבן מיט א זיג
אונזער סטרייק געוואונען.

פרייד אין האַרצן אָנגעצונדן
געזינט! הונדערט פּראָצענט
מער געצאָלט, ווייניקער שטונדן
אונזער יוניאָן אַנערקענט.

בא דער אַרבעט שטייען מיר
שטאָלצע, ניט ווי שלאַפן,
דער מייסטער האָט ניט מער
איבער אונז צו שאַפן.

געקומען איינמאָל פון פאבריק
זיך קושנדיק ארומגענומען
היינט , זאָגט מאמעניו וועט מיט גליק
אונזער גאסט שוין קומען .

טאָכטער מיינע, יאָג זיך ניט
אין שפּאס איך טו א זאָג :
קומען זאָלסטו זונטיק פרי
אין מיין פרייען טאָג .

פון מיינע ווערטער
האָט מאמעניו געשפּאסט ,
פון וואנען ווייסטו אז א טאָכטער
זיין וועט אונזער גאסט ?

און ווי כאוויירים זיך בעראטן
אז ניט ביינסטיק אין די צייט אצונד ,
און געפּאָלגט האָט זי דעם טאטן
אונזער היים געליבטע קינד .

עס ברענט אין מיר דער ליעס פייער
צו איר פון דאמאָלס אָן ,
אך ! ווי וואָלט דאָס זיין מיר ליב און טייער
ווען זי וואָלט היינט אזוי געטאָן .

געפּאָלגט, און זונטיק פרי געקומען
מיין ווילן ניט פאראטן ,
און די ערשטע באָד גענומען
פון איר געליבטן טאטן .

מיטן הענטעלע, די שיסל אויסגעבויגן
דאָס וואסער אויפן פלאָר,
איך וואש, און קוש די בלויע אויגן
די גאָלדענע קאָפּ האָר.

גליקלאכע, שוין דריי צוזאמען
דורכגעלעבט, דעם גליקלאכן פרימאָרגן,
געלאָזט, דער טאָכטער מיט דער מאמען
בענאנגען אלץ באזאָרגן.

א פרוי, מיט זיי די טעג צו זיין
האָב איך אין הויז געבראכט,
דורך די נעכט האָב איך אליין
איבער זיי געוואכט.

מיט נייעם גליק און פרייד
דערזען איר ערשטן שמייכל,
דאָס קינד עס הערט, ס'פארשטייט
עס ארבעט שוין דער סייכל.

ס'גייט דער לעבן שטיל און גוט
גליקלאך זיך געפילט,
און יעדער פרייע מינוט
מיט דער טאָכטער זיך געשפּילט.

נאָר ניט לאנג האָט רואיקער פרייד
געוואוינט אין אונזער נעסט,
הונגער, זאָרג און נויט
זיינען געוואָרן די טעגלאכע געסט.

ס׳ קאָן באלעבאָס ניט פארטראָגן
די כוצפע פון ארבעטער הענט ,
צו ארבעטן שפעט זיך אָפזאָגן ?
איך צאָל פאר דיין ווארשטאט די רענט .

ס׳פארשטייען ניט די רייכע די זאטע
ס׳לייגט זיך זיי ניט אויפן סייכל ,
ווי קומט נאָר א אָרימער טאטע
צו ביינקען נאָך א קינדערשן שמייכל

און ס׳צאפלט אין הארצן צאָרן און שרעק
א קאמף , צווישן מענטש און דעם שקלאף ,
ס׳וואָרנ׳דער שקלאף פאר הונגעריקע טעג
רופט אָבער דער מענטש , זיי בראח !

א פלייץ טוט דאָס בלוט הייס און גיך
א באשלוס פליט דורך ווי א ווינט ,
א ריס דעם פארטאך פון זיך
אהיים , צו מאמע און קינד .

ארבעטער מיט שטארקע געפילן ?
דאָס קאָן שוין דער באָס ניט פארטראָגן ,
פאר דער כוצפע צו האָבן א ווילן
זיבן טעג נאָטיס געקראָגן .

און ווידער געקלאפט אין די טירן
געזוכט צו פארדינגען די הענט ,
דער הונגער, לאָזט שוין שפירן
ניטאָ די פאָר שילינג אף רענט .

ס'האָט דער הונגער און נױט
מײן כאװערטעס מוט ניט געבױגן ,
דערמוטיקט מיט פראָלעטארישער פרײד
קושט אױס מיר א טרער פון די אױגן .

געזעטיקט מיט הײס ליבע קושן
דער הונגער און זאָרג באלד פארשװינד ,
פאר מאשקנס װערט קישן נאָך קישן
אף מילך און שפײז פארן קינד .

ס'פארצײט שטארקער, דער הונגער זײן קלעם
טעג שױן מײן ברױט ניט געהאט ,
מיר פרײען זיך בײדע מיט דעם
װאָס אונזער טײערע טאָכטער איז זאט .

ס'איז פריש אין זיקאָרן נאָך הײנט
מיר װעלן קײנמאָל ניט פארגעסן די נאכט ,
װען אונזערע אײביקע פרײנט
האָבן א ברױט אין הױז אונז געבראכט .

ניט אײנמאָל אין צײטן אין שװערע
האָבן זײ פארלײכטערט אונזער ביטערער דאָליע ,
מיר טראָגן אין הארצן מיט ליבע און ערע
די כאװערשע נעמען, מאקס , און פאָליע .

כ'האָב ניט געהאט מער דעם גליק
אלס סטאָליער א פלאץ צו געפינען ,
אװעק בין איך אין א פאבריק
ארבעטן אף שװערע מאשינען .

געװאָרן איז װידער אונז גוט
דער לעבן געװאָרן איז גרינגער,
נאָר געצאָלט דערפאר מיט מײן בלוט
גאנץ אָפט מיט צעשניטענע פינגער.

געקראָגן צװײ באָסעס, א פינסטערערער צװילינג
אויך זײ זײנען ניט בעסער געװען,
זײ האָבן געװאָלט פאר א שילינג
ארויסרײסן ארבעט פאר צען.

די ארבעט האָט שװער מיך געפרעסט
שלעפנדיק ברעטער און קלעצער,
און װידער אװעק מיט פראָטעסט
גענומען זיך בײטן די פלעצער.

אומזיסט דער זוכן און בײטן
איז געװאָרן פאר מיר זײער קלאָר,
א באָס, אין אלע פלעצער און צײטן
איז אלץ דער זעלבער שװארציאָר.

װאָס מער מיר בארויבט און געמאטערט
אלץ שטארקער האָט צאָרן און האס,
זיך צעצונדן, צעפלאקערט
קעגן דעם באָסישן קלאס.

און װידער גערופן געװעקט
די ארבעטער פון מײן פאך,
ניט אײנמאָל פון די ארבעטער דירעקט
געלאָטן פון מאָסרים אסאך.

אָבער ניט פארלאָרן דעם גלויבן
אז קעמפער וועלן ווערן די שקלאפן פון היינט ,
געזוכט זיי אלס קעמפער צו דערהויבן
אין קלוב פון „ ארבעטער פריינט " .

נאָר גאנץ אָפט איז מען געקומען
געטראָפן האָר־שפאלטעריי ,
מיט פראגן זיך פארנומען
וואָס מיינט פארזענלאך זיין פריי .

ווערט א מענטש געבוירן
כאָטש שנייד אים אָפ א פענעץ ערד ,
און זאָל אלע זיינע יאָרן
פון קיינעם ניט ווערן געשטערט .

דער געבאָט פון אנארכי
א פרייער מענטש נאָר זיי ,
פרייע מענטשן ער און זי
איבערהויפט, געליבט זיך פריי .

איבער דער פראגע זיך צעוואַרימט
נישקאָשע זיך ארומגעריסן ,
ווען דער הייליקייט געליארימט
פון פרייער ליבע צו געניסן .

און די פילאָזאָפיעס
ניט געקראָכן איז אין קאָפ ,
ווי זאָגט דאָס שלום עליכם
הימל און ערד און סטרושקע באָב .

כ'בין געקומען צום באשלוס
פון די לעקציעס דאָרט ,
אז צו דערציען קלאסן קעמפער
איז דאָרטן ניט דער אָרט .

ניט געלאָזט האָט מיר רוען די פראגע
וואו איז דער וועג ? וואו זאָל איך גיין ?
ווער קאָן מיר דערקלערן די לאגע
ווער קאָן דאָס מיר געבן צו פארשטיין ?.

קאָנסיטוציע, האָט געגעבן דער צאר
מיט פרייד פארפלייצט איז די גאס ,
מיט בלוט, באצאָלט האָט דערפאר
מיין פארבלוטיקטער ארבעטער קלאס .

דעמאָנסטראציעס, פאָנען וויען
מיליאָנען אויגן פול מיט פרייד ,
כאוויירים צו באפרייען,
מיין קלאס צו טורמעס גייט .

צארס מעשאָרסים אויפן גאס
גיבן אונזער פאָן " סאלוס "
און אָט באָדט זיך שוין מיין קלאס
ווידער אין זיין בלוט .

און אָט ווערט ליכטיק אין די אויגן
געקומען איז דער נעס ,
ס'האָט שיף פאָטיאָמקין ארויפגעצויגן
אונזער פאָן בא פאָרט אדעס .

ווידער הערשט דער שווארצער קויאך
עס לייד דאָס פאָלק געדולדיק ,
ס'ברענט דער צווייפל מיר אין מויאך
ווער איז פאָרט דאָ שולדיק ?

געפילט האָב איך אף זיכער
און קיין טאָעס ניט געהאט ,
אז שטודירנדיק אין ביכער
וועל איך געפינען דעם פאראט .

איך האָב זיך אָנגעשלאָסן
אין א שטודירנדיקן קרייז ,
מיט ערלאכע גענאָסן
געלערנט שטופנווייז .

געלערנט, דיסקוסירט,
דורך נעכט און אויך דורך טעג ,
און דאָס האָט מיר געפירט
צום עמעס קלאָרן וועג .

און ווער די שולדיקע זיינען
רעוואָלוציעס צו דערשטיקן
האָט אונז בעלערנט כאוועֶר לענין
אין זיין בוך " די צוויי טאקטיקן" .

ווי איינער וואָס בלאָנדזשעט לאנג
און געפינט דעם ריכטיקן וועג ,
אזוי זיכער איז געוואָרן מיין גאַנג
פאר די וויטערדיגע טעג .

מיט נייעם מוט און פעסטן גלויבן
פארן זיג פון אונזער קלאס ,
געזוכט אויך אנדערע צו דערהויבן
אין פאבריק, און אויך אין באס .

ס'האָט ניט גענומען לאנג
דערוואוסט האָט זיך דער עקספּלאָטאטאָר ,
פארשפּרייט געוואָרן איז דער קלאנג
זיך צו היטן, פארן גרינעם אגיטאטאָר .

ווידער זיינען טעג געקומען
קיין ברויט אין הויז ניט געבראכט ,
ווייל די טירן פון פאבריקן
האָבן זיך פאר מיר פארמאכט .

א בליק, ס'האָט זיך פאר מיר א טיר אויפגעמאכט,
איך בין אוועק ארבעטן אהין ,
אין גיכן האָט מען מיר אהיים געבראכט
מיט צעפליקטע פינגער פון מאשין

אין טעג פון וויטאָק און פון לייד
וואָס האָט מיין הארץ ארומגענומען ,
איז מיר א טרייסט און ליכטיק פרייד
אונזער צווייטע טאָכטער אָנגעקומען .

אין גאנצן באלד פארגעסן
דעם ווייטאָקדיקן בראנד ,
ס'איז כאשעלע אף מיין שויס געזעסן
לאהלע אף מיין געזונטער האנט .

װער מיר אָרים, װאָס מיר נױט
פארגעסן, װען לעבן אין װײטאָק אײַנגעשפּאנטן,
אונזערע הערצער פול מיט פרײד
מיט אונזערע זיסע צװײ בריליאנטן.

אונזער גרױסע טאָכטער כאשעלע
מיט איר קלײנער שװעסטערל זיך שפּילט,
שאַ, שאַ, פּיצעלע בײבעלע
האָט זי איר באַם װײנען אײַנגעשטילט.

עטלאכע װאָכן אין הױז געװען
כאשעלען מיסעלאך דערצײלט,
ס'איז א נעס געשען
די װאונדן האָבן זיך פארהײלט.

צוריק געקומען אין פאבריק
צו דער ארבעט זיך געשטעלט,
מיט סימכע און מיט גליק
געבראכט אין הױז אביסל געלט.

אביסל כױװעס אָפּגעגעבן
אָפּגעאָטעמט פרײַ,
און עס דוכט זיך אז דער לעבן
שײנט שױן אף דאָס נײַ.

נאָך דער ארבעט פון פאבריק
גלײַך א הײם געלאָפן,
רו, פרײד, און גליק
האָב איך אין הױז געטראָפן.

ס'לויפט מיר כאשעלע אנטקעגן
כאפט מיר ארום די פיס ,
לאהעלע איז אין זייב געלעגן
געשמייכלט האָניק זיס .

אָט זיצן מיר שוין אלע פיר
באם טיש דעם שיין געגרייטן ,
עס שטראָמט מיט פרייד אָן א שיר
פון איינעם צו דעם צווייטן .

מאמעניו דערציילט מיר באלד
אלע נייעסן פון דעם טאָג ,
דעדי , האָסט אונז טאטי ביידע ליב ?
טוט כאָשעלע א זאָג : .

פרייד אין הארצן אָן א שיר
זי קלאפט ,אלץ שטארקער גיכער ,
מיינע הייסע קושן מאכן איר
מיט דעדיס ליבע זיכער .

נאָר ניט איינמאָל געדיינקט האָט כאשעלע
אז איך האָב לאהעלען דאָך מערער ליב ,
און צערטלענדיק איר , פיצעלע בייבעלע
אין דער שטיל איר געגעבן א קניפ .

ס'האָט זיך לאהעלע מיט טרערן באגאָסן
ביז מיר האָבן זיך צו דער כאָכמע דערטראכט ,
און כאָטש ס'האָט אונז זייער פארדראָסן
האָבן מיר דאָך אזוי הארציק געלאכט .

נאָר שנעל דער געלעכטער פארשווינדט
פרייד, ניט געווען איז אף לאנג,
ס'איז לאהעלע, אונזער זיסינקע קינד
פלוצלונג געוואָרן שטארק קראנק.

פון פארשידענע צאָרעס געליטן
קיין טראָפּעלע מילך ניט פארדיינט,
א געשוויר, פון איר העלדזל געשניטן
איר ארויס געריסן, פון די נעגל פון טויט.

אונזערע פריינט, זיינען אונז אייגענע געוואָרן,
געקומען, דערמוטיקט, געגעבן קוראזש,
און ווען זיי זיינען קיין אמעריקע געפאָרן
בייגקט כאשעלע, נאָך איר פאָליע און פאש.

און ווען דער דאלעס האָט זיך ווידער צעזונגען
די נויט האָט ווידער געדריקט,
האָבן זיי פארמאשקנט די כאסענע רינגען
און א שיף קארטע מיר צו געשיקט.

כ'וועל קיינמאָל ניט פארגעסן
די שווערע געזעגענונג נאכט,
ווען מיר זיינען צוזאמען געזעסן
די לעצטע מינוטן פארבראכט.

די קינדערלאךביידע שוין שלאָפן
זייערע געלעגערס, מיט טרערן נאס געמאכט,
די א פארוואונדעטע כאיע פון הויז געלאָפן
איינזאם, אין פינסטערער נאכט.

ס'האָט מיר דער דאלעס געטריבן
אין שווערן לאנגן וועג ,
עלנט, זיינען מאמע און קינדער געבליבן
אפאָר שילינג, זייער גאנצער פארמעג .

ס'האָט די שיף, שווערע פערצן טעג
די ברויזנדע כוואליעס געשניטן ,
מיין הארץ האָט די גאנצע וועג
געוויטאָקט, פון בייגקשאפט געליטן .

איך בין צו אונזערע פריינט אָנגעקומען
א פרייד, ס'האָבן אזיך טרערן געריננען ,
מיט אָפענע אָרעמס מיר אויפגענומען
א היים האָב איך דאָרטן געפונען .

ליבע און פריינטשאפט מיר אנטקעגן געטראָגן
זייער הילף האָט אונז פאָשעט באגליקט,
גאנץ גיך האָב איך ארבעט געקראָגן
צו מאמען און קינדער, געלט גלייך געשיקט .

די ארבעט מיר ליב איז געווען
ניט איינמאָל א טריפּר אין געהיים ,
אין יעדן דאלער א ציגל געזען
צו בויען וואָס גיכער א היים .

אין פאבריק, און בא א כאזן אין כאָר
געארבעט ווי טאָג אזוי נאכט
געמאכט ווידער א היים, און פונקט צום יאָר
מיין מישפּאָכעלע, צו זיך געבראכט .

ניטאָ [illegible] קינסטלער זאָל קאָנען באַשרייבן
די שטאַרקע הארציגע פרייד ,
אין מיינע אָרימס די מאמע, מיט די צוויי שיינע טויבן
ווי שיינע מאלאָכים אין ווייסן געמלייד .

עס גייט דער לעבן ווידער
מיט דעם געווייליכן גאנג ,
צו געפינען נייע ברידער
רופט, א גרויס פארלאנג .

אין דער יוניאָן זיך אָנגעשלאָסן
אויך אין ארבעטער רינג,
און ווי א גענאָסע מיט גענאָסן
אָף מאָנצערטן יוין איך זינג .

נאָר דעם עמעס מוז איך זאָגן
זיך ניט לאנג געפרייד מיט זיי ,
שווער געווען איז צו פארטראָגן
די סאָציאליסטישע פארטיי·

פונקט ווי אין לאָנדאָן, די זעלבע ספּירע
קיין אונטערשייד פאראן ,
געשעפט די גאנצע טוירע
פון פאָרווערטס איר אָרגאן .

די זעלבע מאפעליע
דער זעלבער באגריף
די שיינע ארבעלע
און דער בינטל בריוו .

מיט שונד פארסאמט די מויכעס
פינסטערניש געזייט ,
פון דער אונטערוועלט די קויכעס
פאר די יוניאָנס אָנגעגרייט .

געהערשט, האָט אייבי קאהן
אין יעדער שטאָט פון לאנד ,
געקלאפט, האָט באראבאן
טאָג טעגלאך שונד און שאנד .

זאָל ווער אנאנדער מיינונג האָבן
דערגרייכט אים אייבעלעס ראכע ,
גרייט די קעגנערס צו באגראָבן
אין נאָמען פון דער זאכע .

כ'בין אוועק פון די גענאָסן
ניט געוואָלט זיי מערער זען ,
אבער ביכער אין הויז זיך איינגעשלאָסן
ביז ענדע נײַנצן צען .

ס'איז פאר אונז דער יאָר
פול מיט מאזל בראָכע ,
מיט א זינגעלע א זיסינקן
ווערט באריכערט די מישפּאָכע .

פול די הויז מיט פרייד געלעכטער
עס וואקסט די פרייד צוביסלאך ,
אין סקול עס גייען שוין די טעכטער
גייטעלע לויפט אף זיינע פיסלאך .

## אויפן געזעלשאפטלעכן וועג

אויפן בעזעלשאפטלאכן. וועג
חער .איך ווידער מוטיק רייפער ,
דאנקבאר פאר די שיינע טעג
בין איך מיין כאחער יעקב שייפער .

בא דער ארבעט זיך באגעגנט
אונצופרידענע און גרינע ,
מיט דער ארבעטער באוועגונג
אין דער גאלדענער מעדינע .

ס'האט ניט געגומען לאנג
און דעם וועג געפונען ,
באשלאסן מיט געזאנג
אונזער קלאס צו דינען .

איז דער לעבן ווידער
מיט טעטיקייט פול געווארן ,
מיר זינגען ארבעטער לידער
אין נייע געשאפענע כארן .

אין די .ערשטע כארן
ניט געקאנט לאנג שטיין ,
ביז געגרינדעט איז געווארן
דער סאציאליסטישער געזאנג פאריין .

ס'האטביילין מיט קאכאנסקען
געלייגט דעם פונדאמענט ,
עס וואקסט דער שיינער בינ'יען
אונטער שייפערס הענט .

מיט יעדן נייעם ליד
וואָס עס זינגט דער כאָר
באהעפט זיך גליך נאָך גליד
און וואקסט פון יאָר צו יאָר .

אין לאנד פון בייזנעם און דאָלאר
שווער געווען איז צו גלויבן ,
אז דער פאָשעטער יאנקל דער סטאָליאר
זאָל זיך צו א האנגער דערהייבן .

שיקאגאָ איז דער צענטער געוואָרן
פארנומען איז אייבעט מיין האנט ,
עס זינגען שוין כאָרן און כאָרן
אין צענדליגע שטעט איבערן לאנד .

ווען אונזער צווייטער זון איז געקומען
האָבן ליבע כאוויירים געוואונטשן אונז גליק !
די לופט, איז מיט געזאנג געווען פארנומען
די ווענט, האָבן געזונגען מוזיק .

די טעכטער האָבן שוין פיאנאָ געשפילט
ניט איינמאָל פון פרייד די אויגן נאס ,
א זיכערקייט האָבן מיר געפילט
אז אויך זיי וועלן דינען אונזער קלאס .

ס'איז אונזער כאָלעם דער שיינער
געוואָרן א ליבטיקע וואָר ,
כאשעלע, א געזונט אין די ביינער
זינגט דאָך שוין אייבעס אין כאָר .

[illegible]

ס'איז ניט קײן נײעס, און קײן װאונדער
אין אָרימע הײמען אסאך ,
אז א מאמע װאָס האָדעװעט קינדער
זאָל װערן פארמאטערט און שװאך .

זײנען מיר דאך א פאָלק פון ראכמאָנעס
אין פאל פון קראנקײט און נױט ,
טרעפן זיך כאָלילע סאקאָנעס ?
זײנען הײל אינסטיטוציעס דאָ גרײט .

קלײניקעס, דיספּענסעריס, מיט לאנגע קאָרידאָרן
מיט הונדערטער קראנקע באזעצט זײנען בײנק ,
שרײבערס און שרײערס פארשידענע שװאָרציאָרן
א כאליאסטרע דאָקטוירים װאָס װײסן א קרײנק ...

און װען מײן כאַװערטע פארמאטערטע מאמע
דערפילט אין די גלידער דעם װײ ,
איז זי אױך מיט פיל קראנקע צוזאמען
געזעסן און געװארט אף איר רײ .

מי[illegible]דער האָפענונג געהאָלפן צו װערן
~~[illegible]~~ צו זײ דאָרט אין זײ , [illegible]
געקומען מיט װײטאָק מיט טרערן
מיטן שרעק פאר דער קראנקײט טי בי .

ס'איז געװען דער סעזאָן פון װײסער פלאָג
פאר אלעמען, אײן באשטימטער דיאגנאָז ,
דער דאָקטער באטראכט, און טוט א זאָג :
מיסעס, איר זײט טובערקולאָז .

א 31

פון א הײסן טאָג ארבעט א שװערן
איך פאָר – ניט גיך געגוק האָט טראַמװײ געיאָגט,
איך װיל װאָס גיכער שױן הערן
װאָס האָט דער דאָקטער געזאָגט : ?

א פארװײנטע קומט מיר כאַשעלע אנטקעגן
עס קײקלט זיך א טרער נאָך א טרער,
די מאמע האָט קאָנסאָמשן געקראָגן
און טאָר אונז שױן קושן ניט מער.

פארצװײפלונג װערט גרעסער און גרעסער
פארפולט װערט דער סאמיקער בעכער,
אײן לונג שױן צעפרעסן, זאָגט דער פראָפעסאָר
דער צװײטער איז פול שױן מיט לעכער.

מיסעס, דו גײסט שױן אהין – – – –
נאָר דו האָסט בעשפילט נאָך מיט גליק,
איך װעל דיר אײנשפריצן מײן מעדעצין
בלױז פאר פינף דאָלאר א שטיק.

צ

עס האָבן אונז דאָקטױרים פראָפעסאָרן
שענדלאך באשװינדלט בארױבט,
נאָר איך בין ניט פארצװײפלט געװאָרן
װײל איך האָב זײ קײנמאָל ניט געגלױבט.

און נאָך פילע טרערן װאָכן
פול מיט װײטאָק און מיט שרעק,
װערט אונזער הױז צעבראָכן
אין סאניטאריום איז מאמע אװעק.

32

אונזער הויז ווערט צעבראָכן געשווינד
צעיאָגט ווערט יעדער באַזונדער
באַרדערס, ווער איך מיטן פּיצעלע קינד
די עלטערע דריי ——
אין א היים, פאר הימלאָזע קינדער.

אין סאַניטאַריום די וואָכן און טעג
האָבן פארשטיט זיך קיין הילף ניט געבראַכט,
בלויז נאָר אנקסטן און שרעק
האָבן איר געזונט נאָך ערגער געמאַכט.

ניט גרינג איז דאָס מיר אָנגעקומען
נאָר מיין קאַמף האָט דאָך אונז באַגליקט,
פון סאַניטאַרים איר ארויסגענומען
אין א דאָרף איר אַף טפּרו געשיקט.

אָפּרו און נארהאַפטע שפּייזן
און עס איז וואונדער געשען,
די עקס-ריי בילדער האָבן באוויזן
אז די דאָקטוירים, זיינען ליגנער געווען.

ס'קושט מאמע די קינדער, די קינדער דער מאמען
מיט פרייד און דורך טרערן געלאַך,
די שעפּסעלאך צעיאָגטע שוין. ווידער צוזאמען
צוריק אונטער איינענעם דאַך.

דער לעבן ווערט זיסער און גרינגער
געקראָגן די פּיאַנאָ צוריק,
ס'גלעקלען זיך קלאַנגען אונטער קינדערשע פינגער
פול ווערט דאָס הויז מיט מוזיק.

עס פרייען זיך מאמע און קינדער
דער לעבן ווערט זאפטיק און פריש ,
דער טאטע ווערט א דערפינדער
און מאכט א קונסטפולן טיש .

דעם באלעבאָס דער טיש געפעלט
ער זאָגט : דאָס וועט זיין א גאָלד שפינער ,
אלס מייסטער ווער איך אָנגעשטעלט
און ווער א גרויסער פארדינער .

עס דער לעבן אונדז גרינגער
איינמאָל אין אונזער היסטאָריע ,
ס'לערנען מוזיק אונזערע קינדער
אין דער בעסטער קאָנסערוואטאָריע .

די טעכטערלאך לערנען זיך זינגען
און זינגען שוין לידל נאָך לידל
מיט מוזיק אונזער הויז ווערט פארקלונגען
ס'שפּילט ניטן די טשעלא, און פּיסאך די פידל .

און ווי א שיינע אידילע
עס ציט זיך און ציט זיך דער לעבן ,
כאלוימעס און האפענונגען פילע
דורך טעג זיך שפינען און וועבן .

ס'איז אונזער כאָלעם דער שיינער
געוואָרן א ליכטיקע וואָר ,
כאשעלע , א געזונט אין די ביינער
זינגט דאָך שוין ~~אײכעט~~ אין כאָר .

אונזער גליק און פרייד
געווען איז דאמאָלס דער גרעסטער ,
לאהעלע ,אויפן פיאנאָ באגלייט
נייטן שפּילט טשעלאָ ,אין אונזער אָרקעסטער

דעם ערשטן מאי ,געפייערט באזונדער
האָבן פארשידענע פאכן ,
אין פארשידענע זאלן שפּילן די קינדער
דעם יאָנטעף שענער צו מאכן .

ס'זינגט דער לעבן אונז א לידל
מיט זיסע טענער פול ,
ס'שפּילט שוין פּיסאכקע די פידל
ס'איז ליבער שיפער דער סטימול .

פידל, טשעלאָ, שפּילן די ברידער
אויפן פיאנאָ,ביידע שוועסטער ,
ס'טאנצט די מאמע נאָך די קלאנגען
פון איר אייגענעם אָרקעסטער .

---

אָפּגעהאקט, עס ווערט דאָס לידל
קיין געזאנג, נאָר טרערן גיסן ,
ס'האָט דער טויט, די שיינע פידל
פון אָרקעסטער אויסגעריסן .

דער אָרקעסטער
ווערט צעבראָכן .

ניט שיין איז פאר א רעוואָלוציאָנער
צוזאמענברעכן, יאָ איך ווייס ,
זיך צו באהערשן ,זייער שווער
ווייל דער אומגליק, איז גרעסער ווי גרויס .

אין שווארצן שטילן טרויער
ווערט אונזער הויז געהילט,
דער טויט, עס דוכט מיר לויערט
אף מיר האָב איך געפילט .

צו ענדע איז מיין אָפערע
דער פאָרהאנג האלט אין פאלן,
עס לעשן זיך די ליכט שוין אויס
פון אלע זשיראנדאלן .

שטיל און שטום עס ליגט מיין פידל
צו שפילן ניטאָ שוין ווער,
און די טענער פון מיין טשעלאָ
הער איך שוין ניט מער .

עלנט שטייען מוזיק שטענדערס
מיין סימפאָני איז פארשטומט,
נאָר פון דער פוסטער פינסטערניש
הער איך עפעס ברומט .

שטיל און טרויערדיק עס מורמלט
אין דעם רוים דעם שווארצן,
און די קאלטע טויטע פינגער
גראבלען מיר אין הארצן .

וואָס ברומט עס אין דער פינסטערניש
וואָס באדייט דער ברומען ?
איז דאָס נאָך די ענדע נישט
וועט נאָך עפעס קומען ? .

צי װעט נאָך ליכטיק װערן
װידער נאָך אמאָל ?
צי איז דאָס פון טויטע קלאַנגען
נאָר דער װידערקאָל ?

דעם טרויעריקן שפּילן מורמל
קאָן איך ניט פאַרשטײן
צי דאַרף איך נאָך אַף עפּעס װאַרטן
צי הײסט דאָס מיר שױן גײן ? .

כ׳קאָן שױן אין דער פינסטערניש
ניט דערװאַרטן פיל
צו ענדע איז מײַן סימפאָניע
צו ענדע איז מײַן שפּיל .

אַף מײַן כאַװערטעס פאַרלאַנג איז שפּער געקומען
ניט אײנמאָל מיט קאַס מיר געזידלט ,
װאָס האָסטו זיך צום שרײַבן גענומען
װאָס האָסטו זיך נאַריש צעלידלט .

געאַרבעט די טעג, אין כאַר אויך געזונגען
די האַרץ אָבער װײטאָגט און ברעכט
צו פאַרגעסן דעם אומגליק אלײן זיך געצװאונגען
אָבער װאָס טוט מען מיט שלאָפלאָזע נעכט ?

א רואיקע שאָ צו שלאָפן
געװען איז דאָס גאַנץ זעלטן ,
ניט אײנמאָל האָט געטראָפן
און כ׳פלעג מײַן לעבן פאַרשעלטן .

הארץ, װאָס רײסטו װאָס שטעכסטו ?
װי פיל איז דער שיר ,
מײן לעבן װאָס ברעכסטו
װאָס האָסטו צו מיר ? .

װאָס שטעכסטו באטאָג
װאָס ברענסטו בא נאכט ,
האָסט שוין מיטן װײטאָק '
מיר בעסער געמאכט .?

עראױף צו ברענען און פרעסן
פארניכטן אײװער נאָך אײװער ,
כ'װיל כאָטש אף א מינוט זיך פארגעסן
מײן יונגינקן פינסטערן קײװער .

קענסטו דעם װײטאָק ניט שטילן ?
דער װאונד איז גרױס, און טוט װײ ,
מוז ברענען די בײנמשאפט געפילן
אײביק מוז זײן שוין אזױ ? .

קאָן איך שוין קײן רו ניט געניסן
ניט אף דער װאך, ניט אין שלאָף
טאָ װער שוין אין גאנצן צעריסן
און קומען זאָל גיכער דער סאָף .

אױפן קישן האָבן טרערן גערונען
געשראָקן זיך פאר די געדאנקען ,
װאָס האָבן דורך נעכט זיך געשפונען
אין הארץ און אין מױאך דעם קראנקן .

הארץ, וואָס רייסטו וואָס שטעכסטו ?
ווי פיל איז דער שיר ,
מיין לעבן וואָס ברעכסטו
וואָס האָסטו צו מיר ? .

וואָס שטעכסטו באטאָג
וואָס ברענסטו בא נאכט ,
האָסט שוין מיטן וויטאָק
מיר בעסער געמאכט .?

ערלויף צו ברענען און פרעסן
פארניכטן איינער נאָך איינער ,
כ׳וויל כאָטש אף א מינוט זיך פארגעסן
מיין יונגינקן פינסטערן קיווער .

קענסטו דעם וויטאָק ניט שטילן ?
דער וואונד איז גרויס, און טוט וויי ,
מוז ברענען די ביינמשאפט געפילן
אייביק מוז זיין שוין אזוי ? .

קאָן איך שוין קיין רו ניט געניסן
ניט אף דער וואך, ניט אין שלאָף
טאָ ווער שוין אין גאנצן צעריסן
און קומען זאָל גיכער דער סאָף .

אויפן קישן האָבן טרערן גערונען
געשראָקן זיך פאר די געדאנקען ,
וואָס האָבן דורך נעכט זיך געשפונען
אין הארץ און אין מויאך דעם קראנקן .

פאר די אויגן פלעגן נעמען פארביגן
מיינע ליבע, געזיכט נאך געזיכט ,
און שווינדלדיק פרעגן און פרעגן
דו הילסט זיך באפרייען פון פליכט ? .

ס'האט מיר מיין קליינקייט פארדראסן
און טאקי באלד אויפן אָרט ,
מיט א היליקער שוואוע באשלאסן
בעגעבן מיין ערלאכן וואָרט .

כאָטש סוף זיינען מיינעפארלאנגען
די האָפענונג צום לעבן און גליק ,
נאָר איר ווי מיט ליכטיקע צוואנגען
שלעפט מיך צום לעבן צוריק .

איך וואָלט בעקאָנט ליגן א צונדער
ווי דער זון, א סויטער א קאלטער ,
נאָר דו ,און אונזערע יונגינקע קינדער
די מאמע, דער טאטע דער אלטער .

אירגאלט אין איין רייד און שרייען
דיין לעבן באלאנגט ניט. נאָר צו דיר ,
האָסט ניט קיין רעכט זיך באפרייען
טייערע ! איר זייט שטארקער פון מיר .

איך וועל לעבן און טראָגן אין הארצן
אונזער קייווער, אונזער ווייטאָק, און בראָך ,
און ביז מיין לעצטן טאָג דעם שווארצן
וועל איך לעבן,און שלעפן דעם יאָך .

( יאָרצײט )

יאָרצײט, יאָרצײט, װי און װינד
א גאנצער יאָר אװעק געלאָפן ,
הײנט א יאָר אז אונזער קינד
איז אף אײביק אײנגעשלאָפן .

א גאנצער יאָר איז. שױן אװעק
זײן שטימע הער איך נאָך ביז הײנט ,
זײנע לעצטע װערטער פול מיט שרעק
פאפא ! אײ עס בלײנד .

פריש איז נאָך דער בראָך
מיר דוכט איך שטײ נאָך בא זײן בעט ,
אף מײן פּאָנים פיל איך נאָך
זײן ליבן צארטן גלעט .

און הײנט צום יאָרצײט טאָג דעם שװארצן
קײן יאָרצײט ליכט, ניט נזיטיק גאָר ,
א העליש פײער ברענט אין הארצן
טאָג און נאכט א גאנצן יאָר ..

238

( ) ( מײן דערוואכונג )

די טימכע פון סאָוועטישן זינג
פאַרסונקלט מײן אײגענעם װײ
דער געזאַנג פאַרײן איז געװאָרן מיט בליק
א צװײַג פון דער װאָרקערס פּאַרטײ ;

כאָטש לאַנג פון פאַרװערטס געליטן
אָבער דאָך נישט געװאָרן פאַרפירט ,
אף אונזער פרײהײט, דעם נאָמען געביטן
כאַװער שלגין , האָט אונז אײנסטאַלירט .

פיל ברײטער איז געװאָרן דער לעבן
ס'צעליכטיקט זיך אַלװעלטלאַכער פרײד ;
ליכט האָט די מאָרגן פרײהײט געגעבן
זיסע האָפענונגען, אין הערצער געזײט .

דעם אומבײט װאָס מיר האָבן געמאַכט
האָט אין שפּערן א פלאַם אָנגעצונדן ;
װי א שטורעם האָט ער אױפגעװאַכט
זײן הארץ און נעשאָמע צעבונדן .

ס'צעקלינגען זיך הילכיגע טענער
װאָס קרעפטיקט די הארץ באַם שװאַכן און שלאַפן ;
ס'צעטראָגן זיך לידער, װי ליכטיגע פּענער
ס'פאַרנעמט זיך איצט שפּער צו שאַפן .

אראַטאָריעס, סאָװעטישע לידער
װאָס פינקלען װי ליכטיגע שטערן
מאָשיאַך בען יוסוף, צװעלף, די צװײ ברידער
װאָס פירן א קאַמף אזא שװערן .

ג' 38

ס'גײט אזיף און ס'צעװאקסט זיך די פרײד
מיט יעדן סאָװעטישן טראָט,
דער ערשטער פינף יאָר פּלאַן ער גײט
מיט אימפּעט, אין דאָרף און אין שטאָט.

ס'שטײט לענין באם רודער געטרײ
ס'האָט די װעלט נאָך אזא קאפּיטאַן ניט געהאט,
אף דער װאך, שטײט ב...ין דערבײ
אונזער געטרײסטער סאָלדאט.

מיר צעטראָגן די ליכטיקע בשורע
דורך טאט, דורך װאָרט, און דורך קלאנג,
ס'דערגרײכן פון אונזערע לידער די שורעס
צו טויזנטער הערצער, מיט אונזער געזאנג.

פאר טויזנטער ארבעטער מיר זינגען פראָגראמען
עס שפּרודלט. די פרײד װי א פרישער קלאָרער קװאל,
איך זינג אף דער בינע מיט די קינדער צוזאמען
אין שענסטן פון שטאָט, אין אָרקעסטער זאל.

אין הארצן איז א טפילע פארבאָרגן
אונזער סימכע זאָל װידער ניט װערן פארשטערט
דער זון מיט דער טשעלאָ
אײן טאָכטער באם פּיאנאָ, די צװײטע באם אָרגאן
דער אײדים, דער ערשטער פידלער, בא אונזער
קאָנצערט.

בא פראָבע טוט שײפער מיט קאס א געשרײ
קעריש! דו אונדערזעטיקטער פרעטער,
װאס בינסטו צעטראָגן? װאָס קוקסטו אף זײ?
קוק אף מײן האנט אביסעלע בעסער.

3-38

עס שמײכלט שײמער, ס'שמײכלען די קינדער
עס שמײכלט דער גאַנצער כאָר ,
ס'איז טינאַטאַט בא קײנעם קײן װאונדער
זײ פאַרשטײען װאָס אײן האַרצן קומט פאָר .

אונדערזעטיגטער פרעסער !
יאָ שײמער איז געדעכט געטאָן ,
דער מילן װערט שטאַרקער און גרעסער
דעם טאָטעטן פאַרבאַנד, מיט די אויגן צו זען .

געפלאַנעטע באַטאָג, געכאָלעמטע באַנאַכט
ס'איז קינטאָל ניט אַרויס פון מײן זינען ,
געמײטערט, געצוימט, און געטאַכט
פאַרן טאָטעטן פאַרבאַנד, ניע מאַשינען .

די פלעגער זײנען פינקטלאַך און גרײט
ניט געטאַכט דעם מינדעסטן טעות ,
נאָר אײן קלײנע פראַגע עס שטײט
װאו נעמט מען די געלט אַף אײצעס ? .

אויך דאָס איז פאַרענטפערט געװאָרן
מײן אַ בײזע פינוט ,
פון מײן רעכטער האַנט צװײ פינגער פאַרלאָרן
באַנוצן די מאַשין מיט מײן בלוט .

מען האָט מיר פאַר די פינגער באַצאָלט
געקראָגנאַ שטיקל פאַרטעג ,
װען די האַנט איז געװאָרן פאַרהײלט
בין איך שוין געװען אײן װעג .

גענוג, גענוג, זי זאָגט מיר שפיל
עס איז שוין פאר אים צופיל
ער מוז איצט זיין אליין ,
א לעצטן קוש אין זיין האַנט געגעבן
און געוואונטשן ער זאָל לעבן
און כ'בין אוועק מיט א געוויין .

מיט אלע ליבע זיך באגעגנט
זיך מיט זיי באם שיף געזעגנט
מיר געוואונטשן גליק ,
פינעף נעכט און פינעף טעג
אויפן וואסערדיגן וועג
אינעם שיף געטריב .

---

---

---

---

מיט ווייטאָק דאָס האַרץ טערט פול
דעם ייִדן אַף זיין שטול
אַ פּראַלעזירטן האָב איך דערזען.
ס'האָט די קראַנקייט שוין אַלץ פאַרלענד
זיין צונג, זיינע פיס זיינע הענט
נאָר די אויגן בליצן מיט ייִדישן ברען .

די הענט אַף זיין שטיס געלעגן
זיין געטריַיע כאַווערטע זיצט אַנטקעגן
איט צו דינען גרייט ,
ער קוקט אַף מיר
און קוקט אַף איר
די אויגן פרעגן דעם באַשייד .

עס גליווערט דאָס בלוט
ס'איז יעדער מינוט
אין פיינלעכן ווייטאָק געקלאַמערט ,
אָט דאָס איז פון ייִדן געבליבן ?
וואָס האָט גערופן געוועקט און געשריבן
דאָס לעבן געבויט און געהאַמערט .

ס'האָבן זיינע אויגן גענומען זיך רירן
ס'האָט דער זיקאָרן אין זיינע געהירן
מיט אַמאָל מיין פּאָנים דערמאָנט ,
זאָגט מיר זיין כאַווערטע: גייט צו איִם צו
ער האָט איך מיטאַמע געזען ערגעץ וואו
ער רופט איך, ער האָט איך דערקענט .

איך האַלט און קוש דעם ייִדנס קאָפּ
אַ הייסע טרער עס פאַלט אַראָפּ
דער ייִדע רעדט צו מיר איך גלויב ,
אַ באַרבלדינער ברומען
איז פון זיין האַרץ געקומען
געפּאַרקעט , ווי אַ קראַנקע טויב .

40

צום פילמיליאָניגן צענטער
כ׳קום אלץ נענטער און נענטער
דערװארטונגען באַערשן מײַנע געדאנקען,
צו זען מײַן שײפערן איך לויף אין געהײל
מײַן ליבן לערער קאַלמען דעם מאַרמאָר ז״ל
און מײַן טײַערן זײדן װינטשעװסקי דעם קראנקן .

ס׳שװימט אויף אין די ראיױנעס
די שײנע זיכרױנעס
װאָס האָט אונזער הויז מיט שײנקײט באַצירט ,
מיטן זײדן פארבראכט
דורך טאָג און דורך נאכט
אויפן זײדנס פארלאנג זיך פאָטאָגראַפירט .

פונעם בילד מיטן זײדן
איך קען זיך ניט שײדן
דער אָנדײנק פון ליכטיגע טעג ,
דעם ליבן פּאָטרעט
פון מײַן זײדן פּאָעט
נעם איך איצט מיט אף מײַן װעג .

כ׳באַזוך די רעדאקציעס פון דײלי װאָרקער און פרײַהײט
װאָס דינען מיט טרײַהײט
און פירן דעם קאמף פאַר מײַן פאָלק און מײַן קלאַס ,
אין אָװנט שטעלט שײפער מיר פאָר
פאַרן גאנצן כאָר
אלס זײַן ערשטן און עלצטן באַס .

אין אָפיס פון אָרדן געקומען
מיט באַװערשן שמײכל האָט מיר מאַרמאָר אױפגענומען
מיט מײַן רײַזע זיך פאַראינטערעסירט ,
און האָט אויסגעפירט מײַן פאַרלאַנג
צום זײדן מײַן גאַנג
דורכן טעלעפאָן אלץ אראנזשירט .

ג 40

אונזער ערשטער אײניקל באבעלע .

װי א זונענשטראל איז ער געקומען
פרײד און ליכט אין הארץ צעצונדן ,
אונזערע הערצער ארומגענומען
און געהײלט אונז די װאונדן .

ער איז צו אונז אין הארץ געקומען
אף אלע אלע טעג ,
דעם פלאן װאָס ער האָט דאָרט פארנומען
גיבן מיר קײנעם ניט אַװעק .

$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$

שיקאגאָ דעם 6 פון דעצעמבער 1929 .

40

## לאַנדאָן

דער זעלבער אויסזען ,דער זעלבער פּאָנים
צי עס העלפט דאָרט קיין זאַך ניט פּאַסירט ,
די זעלבע היימס טייך ,די זעלבע קאַבצאָנים
אין אייביגן דאַלעס איינגעמאַרינירט .

כ׳שפּאַציר אַף דער לאַנגער ווייטשעפּל
ניט געריירט האָט זיך דאָרטן קיין שטיין ,
די זעלביגע (בעגעס) די זעלביגע עפּל
דער זעלבער פאַרכישעכטער איד פון בריקליין .

קאָמאַרשל און עמבערן סטריטן
דער מאַרק פון סמאָליארשן מאַך ,
אויך דאָרט האָט זיך גאָרניט געביטן
ניט אַנדערש געוואָרן קיין זאַך .

דעם זעלביגן סמאָליאַר געטראָפן
אין ד״יגעט פאַרזונקען דער קאָפּ ,
געפרעגט ס׳איז א באָס, מ׳ר אַנטקעגן בעלטאָן
באַזנערשי, עפּעס א רוקאַב . !!

א מיטיפּגערן הויז מיט שוואַרצע װענט
מען פאַרדיקט די הימלישע נעכאָמע .
הונגעריגע קאַליקעס אַן מיט און אָן ווענט
א זייכער פון דער לעצטער מילכאָמע .

עס שאַרן זיך סקעלעטן צו א שמוציגן טיש
שוין געענדיגט די דראָשע אַצונד ,
א מעניין ברויט מיט געפּרעגלטע פיש
גריישען זיי זשעדנע צי הינט .

# אף מײַן װעג

זײַנען געקומען פרײַנט און מישפּאָכע
מיר צו געבן זײער בראָכע
און װינטשן מיר גליק אויפן װעג,
מיט מאַמען און קינדער אין אָרעם געקלאַמערט
מיט שטורעם דאָס האַרץ האָט געהאַמערט
װאו נעמט מען איצט קויכעס, װי פאָרט מען אַװעק ?.

שלוכצן זיך הערן
עס פעלן ניט קײן טרערן
פײַן, אין יעדערנס בליק
באַבעלע, מיט טרערעלאך אין די אויגן
האָט צו מיר זיך געצויגן
זײדע 11 מיר גערופן צוריק.

די באַן האָט גערירט
איך שטײ װי פאַרװירט
אין טיר פון װאַגאָנישע טרעפּ,
אין קאָפּ טוט אַ שװינדל
כ׳זע מײַן ליבן געזינדל
פאַרשװינדן מיט געבויגענע קעפּ.

אַ פײַנלעכער געפיל
אונטערן דיל
קלאַפּן די רעדער אין ריטמישן גאַנג,
כ׳הער באַבעלעס רײדן
רופנדיג זײַן זײדן
אין רעדער גערויש און רעלסן געזאַנג.

ס׳האָט גענומען דער פאַרשטאַנד
די הויבערהאַנט
די געדאַנקען אַלץ קלאָרער זײַ װערן,
צו דערגרײכן מײַנע צילן
אַ שעליכעס אויסצופילן
צו ברײַנגען מײַן צעשטײער –
מײַן שטענדיגער באַגערן.

1C 40 41

יאָ , ס'האָט דאָך זיך לאָנדאָן מיט עפּעס באנײט
געוואָרן איז פאר מיר זײער קלאָר ,
ניט געזען אזא בילד אין יענער צײט
צוריק מיט פיר און צוואנציק יאָר .

כ'קום ארײן אין א בוך קראָם א קלײנע
אין הארצן ווערט ליכטיק אזוי ,
כאווײרים און כזווערטעס יונגע און שײנע
דער דײלי , אָרגאַן פון אונזער פארטײ .

יאָ , לאָנדאָן דו האָסט זיך באנײט
נאָר ניט דיר קומט דער קרעדיט ,
דאָס האָט רויטער אָקטיאָבער די קערנער געזײט
און זע ! ווי פראכטפול עס בליט .

כ'האָב מײנע קאָזינס געזוכט און געפונען
זײ האָבן מיט מיר זיך דערפרײט
פון זײ קײן גאכעס קײן סאך ניט גענומען
אומוויסנד, אָרים ווי דער טויט .

מײער דער פידלער איז רײך
בעקראָגן באצאָלט פאר זײן צעשאָסענער האנט ,
גענומען א שנײדערקע מיט עטלאכע פונט
געוואָרן א קלײדער פאבריקאנט .

פון אײנעם צום צווײטן די אָרימקײט גרעסער
אין די קעפ, געהירן עס פעלן ,
אײבי פרעגלט פיש, איזי א פרעסער
כאווע וואשט שטײנער בא שוועלן .

זיי האָבן מיר באטראכט.מיט ראכמאָנעס
מיר טאקע געהארגט דערפאר ,
פאָר ניט אין פינסטערן לאנד פון סאקאָנעס
די באָלשעוויקעס, דער גרעסטער געפאר .

יעדן איינעם געקוקט אין זיין פאָנים
פון דיינעם און צאָרעס פארטעמפּט ,
און דאָך, אזוינע נאראָנים
ס'האָט מיר מיין הארץ אזש פארקלעמט .

צו זיי גערעדט, און דערקלערט
אז זיי זיינען פון די לאָרדן פארפירט ,
ווי מומיעס געקוקט און געהערט
ס'האָט קיינעם פון אָרט ניט גערירט .

אז גאָט האָט געוואָלט, איז מייער דאָך רייך
אָן גאָטס ווילן קאָן קיין זאך ניט געשען ,
ס'האָט מייער מיט זיין ווייבל באנלייך
געשמייכלט, אוואדע אוואדע ווי דען ?

דאָס איז דער סייכל, דאָס איז דער באגריף
אזוי איז געווען, אזוי איז פארבליבן ,
איך בין אוועק , און אפילו קיין בריוו
צו זיי, נאָך ביז איצט ניט געשריבן .

קאָפּענהאגן
האָט אונז אויפגענומען ווי טייערע געסט
מיט מוזיק, און הילכיקן געשריי,
ס'זיינען די פאָסט ארבעטער ארויס אין פראָטעסט
קעגן שניידן די סכירעס בא זיי .

ליינג אויס פון א וואסער קאנאל
געוועזן אין דער מארשירנדיקער וועג ,
ניט ווייט פון פאלאץ, גיט פלוצלונג א קנאל
פּאָליציי האָט געמאכט א געשלעג .

געשלעגן און ארעסטן , די דעמאָנסטראציע צעטריבן
מיר געפינען שוין אף א פריינטלאכן באלקאָן ,
אין א פישער שיפל, איז א זייכער געבליבן
א רויטע צעריסענע פאָן .

אין דער כאווערשער הויז. איז דער פישער געקומען
מיט דער פארוויקלטער פאָן אין זיין האנט ,
פאר אמעריקאנער דאָלארן האָבן מיר זי גענומען
א מאטאָנע , פארן סאָוועטן פארבאנד .

די פאָן גוט באהאלטן און פאָרן שוין ווייטער
דאָס ווארפן פון שיף אין געוואלדיק ,
דאָס האָט זיך צעהוליעט דער שטענדיק פארשייטער
דער בייזער אונרואיקער באלטיק .

אין עלטינבפאָרס האָט געשנייט. און געדעגנט
מען פירט אונז די ארעסטאנטן צום באן ,
אף א פערד א סטאטוע האָבן מיר דאָרטן באגעגנט
ניקאָלייקע דעם צווייטן ,דעם לעצטן טיראן .

אף הינטיש געביל פון פינלאנדס פאטרולן
אנטפערן מיר מיט א געניין ,
א גאנצע נאכט געדעדט און געבולן
ביז דעם סאָוועטישן גרעניץ .

## אף סאָװעטישער ערד

גלײַן — גלאַן —
ס'קומט דער סאָװעטישער באַן,
עס שלינגען די אױגן זײַן שפּאַן.
אין האַרצן הערט פרײלאַך, גערױמער,
הערצער פאַרבײַנקטע
אױגן אָנגעשטרײַנגטע
דערזעהן, דעם סערפ און דעם האַמער.

יעדערער גײט
די הערצער פול פרײד
צום טרעפל, װאָס פירט אין װאַגאָן,
עס קוקן די סאָנים
מיט חיטאָק אפאַנים
נאָר װאָס גײען זײ איצטער אונז אָן?

א פײַף און א קלונג
א טאַנץ און א שפּרונג
אין האַרצן פון פרײד דעם דערװאַרטן,
דער באַן האָט גערירט
און זיכער אונז פירט
צום לאַנד דעם געבענטשטן געגאַרטן.

אױגן זײ פלאַמען
מע זינגט שױן צוזאַמען
פון פעלקער באַפרײַטע דעם הימן,
דער סױנע צעשראָקן
שטײט װי א פלאָקן
און װיל אונז פאַרצאַמען די שטימען.

פרײד פילם איצט יעדער
עס קײקלען זיך רעדער
צום לאנד, װאו די זון אײביק שײנט ,
אדורך פעלד און װאלד
און זײנען שוין באלד
באם גרעניץ, צװישן סוינע און פרײנט .

דער סוינע ער שטײט
אויפן טרעפל שוין גרײט
צו לויפן אין שקלאפישן טרויער ,
געקומען צום בריקל
די פאן א צעװיקל
ארויף זײנען רויטע ארמײער .

א גרוס אײך כאװײרים
פון רויטע גיבוירים
א פרײד אין פאר אונז אײער קומען ,
און גלײך אויפן שטעל
מיט כאװעריש באפעל
פאפירן און פעסער גענומען .

גלין — גלאן —
עס שטײט שוין דער באן
װאו נעמט מען דעם מאלער דעם פינזל ?
ער זאל קאנען אויסמאלן
די בערג און די טאלן
די שײנקײט פון װײסינקן אינזל . )

45 ( ביעלא אסטראװ )

דער זעגן געזאנג
און האמער געקלאנג
אין הונדערטער שאפנדיקע הענט ,
ציגל און ליים
פאר אייגענער היים
ס'וואקסן פונדאמענטן און ווענט .

עס קומט צו א רייטער
דער פערד א פארשייטער
טופעט און ווארפט מיטן קאפ ,
פון גרעניצן דארט
געבראכט א ראפארט
און ווידער אוועק אין גאלאפ .

עס ציען זיך פורן
מיט בויאונג קולטורן
ברעטער און קלעצער אסאך ,
פענצטער און טירן
פארבערט עס שמירן
אויך בלעכן צו דעקן דעם דאך .

מיר שטייען און באטראכטן
דעם לעבן דערוואכטן
דער קאנטראסט , ער איז גרויס ,
דארטן עס שטייט
א פראסטיקער טויט
און דא , א לעבן א צעברויזטער
און הייס .

בויאונג און אויפשטײג
װאָן עס דערגרײכט נאָר דאָס אויג ,
ס'פרודלט מיט לעבן איבעראל ,
נאָר מיט אמאָל
עס רופט אונז א קאָל
כאװײרים, ארײן אין װאקזאל .

אלץ אזוי נײ
ליבלאך און פרײ
די מענטשן, יונגע און פריש ,
געעפנט געפעק
קאסטנס און זעק
אף א לאנגן א אײזערנעם טיש .

װאָס װער האָט געבראכט
באקוקט און באטראכט
אמעריקאנער דאָלארן צעביטן ,
נעגלעט די מאטבײעס
װי ליבע קאמײעס
מיט סערפ און האמער אין מיטן .

מען לאד באלד אונז אײן
אין עס שטוב ארײן.
יונגמײדלשע קעפלאך
געבונדן אין רויט ,
געגרײט זײנען טישן
מיט שװארצברויט דעם פרישן
און שיסלען, מיט פריש הײסן קרויט .

מיט אפעטיט אלץ פארשלונגען
אויך לידער געזונגען
פארביסן מיט פעטע קאָטלעטן ,
געגעסן צו זאט
אנאָע געהאט
אונטערן ערשטן דאך פון סאָוועטן .

זיך פריינטלאך באגעגנט
זיך נאָך פריינטלאכער געזעגנט
ס'באגריסט אונז כאווער קאָםפּענדראנט ,
פארוויקלט די פאָן
און ווידער אין וואגאָן
און פאָרן שוין טיפער אין לאנד .

דורך פענצטער עס לויפן
פאלאצן און הויפן
פון געוועזענע קניאזן און גראפן ,
נאָר צוריק שוין מיט יאָרן
פארשוואונדן געוואָרן
און האָבן דאָ מער ניט צו שאפן .

מיט נייגיר מיר הערן
דעם קאָנדוקטאָרס דערקלערן
ס'האָט זיך געגאָסן דאָ בלוט אין די גאסן ,
ווען די צארסקע באנדיטן
האָבן דאָ געריסן
אף די פלייצעס פון די אָרימע מאסן .

געהערשט האָט דער קנוט
געשמיסן ביז בלוט.
גענוק איז געווען נאָר איין וואָרט,
ווען אף איינעם א פארדאכט
האָבן שפּיאָנעס געמאכט
דער טויט, איז געווען אויפן אָרט.

אונזער ארבעט פארשוועכדעט
די טעכטער געשענדעט
די טאטעס און זין אין יאָך איינגעשפּאנט,
נים פאר ווער זיך קלאָגן
א וואָרט אף זיי זאָגן
זייערס, איז געווען אונזער לאנד.

געטאָן וואָס געוואָלט
און קיין געצאָלט?
נים געווען ווער זאָל נעמען דערפאר,
געריבט פראנק און פריי
באשיצט האָט זיי טריי
דער היינקער, דער בלוטיקער צאר.

איז אָקטאָבער געקומען
און צו זיי זיך גענומען
אונזערע הענט —
געשטארקט און געשטאָלט,
געהעזענע קנעכט
געקראָגן דאָס רעכט
און זיי, האָבן פאר אלץ שוין באצאָלט.

כאװײרים זעס דאָרטן .
דעם שלאָס און דעם גאָרטן
ער װײזט מיטן פינגער אהין ,
ס'איז געװען דאָרט א נעסט
פון זינד און פון פעסט
און איצט לעבן דאָרט
אונזערע הײמלאָזע טעכטער און זין .

זײַן דערצײלן דערקלערן
מיר זיצן און הערן
יעדער װאָרט איז מיט סימבע באלאָדן .
ארוים שוין פון װאלד
דערזעהען מיר באלד
קוימענס פון גרויסע זאװאָדן .

א פײַף , און גלין גלאַן
ס'שטײט שוין װידער דער באַן
צעשאלס האָט זיך פרײלאך סירענע .
אין סירן צעפראלטע
פענימער צעשטראלטע
ארבעטער , פון באטאַניקער סמענע .

א פרײלאכער געדרײנג
אין װאגאָן עס װערט אײנג
יעדער אײנער דערלאנגט אונז א האנט ,
פרײלאכער געלעכטער
פון זין און פון טעכטער
פון דער גליקלאכער ארבעטער לאנד .

אלע אונז באנריסן
יעדער איינער. וויל וויסן
וואָס הערט זיך אף דער וועלט איבעראל,
פארנאכט – ציים מיר זענען
אין דער שטאָט פון לענין
געקומען, אף מאָסקווער וואקזאל.

א סקווער אזא ריינער
א ראכוועסדיק שיינער
מיט פראטפולע געביידעס
פון אלע פיר זייטן
נאָר א סטראשידלע אין מיטן
פון אלעקסאנדער דעם דריטן
א שווארצער אָנדיינק פון פינסטערע צייטן.

אין דער שטאָט וואו דעם איד
האָט מען געברענט זיינע טרירט
ווען ער האָט אמאָל געוואגט נאָר צו קומען,
און היינט, מיט אָרימס צעשפרייטע
מיט פענימער דערפרייטע
אונז אין שענסטן האָטעל איפגענומען.

קריסטאָלענע ששראנדאלן
פראכטפולע זאלן
פירסטן בארשטנען האָבן אמאָל דאָ פארבראכט,
און איצט, ס'איז ניט קיין אילוזיע
מענטשן אין ארבעטער בלוזע
שלאפן און וואלטן דאָ,
ווי טאָג אזוי נאכט.

אלע צוזאמען
ווי בא איין טאטן און מאמען
לעבן די פעלקער לויט לעני'נס געבאָט ,
פון אינטוריסט געקומען
אין אָוטאָמאָבילס אונז גענומען
געפירט אונז באוויזן די שטאָט .

מיר הייבן אָן
מיט וואָלאָדארסקי ראיאָן
געווען אין פעטער שטאָט
דער שווארצטער קווארטאל ,
בלאָטע און זנוט
פון קאָפּ ביזן פוס
ס'איז דאָרט פינסטער געווען איבעראל .

און איצט !
פראכטיקע הייזער פאבריקן זאוואָדן
מיט ליכטיקע גאסן און פארקן באלאָדן
אין העמדער און קליידער —
דאָס לאנד טוט זיי אָן ,
געריייניקט געפלאסטערט
די זומפּיקע אמאָלן
אָף פראכטיקע סקווערן שולן שפּיטאָלן
דאָס איז היינט אין לענין שטאָט
די גאָלדענע פּאָן .

מיר קומען אין א שול
מיט קינדערלאך פול
אין דער צייט ווען זיי בייען שפּאצירן ,
נאָר וואָס איז געשען?
זיי האָבן אונז דאָ דערזען
און בלייבן שטיין אין די טירן .

העלדזלאך אויסגעצויגן
און מעסטן אונז מיט די אויגן
איינער נאָר, מורמלט ביז און פארביסן,
זיין פּעניםל איז בלאס
און שעפּשעט מיט קאס
בורזשועז ! מען דארף זיי צעשיסן .

וואניא, ווארט נאָר ווארט
זיי ניט איינגעשפּארט
( רעדט צו אים א צווייטער)
בארעכן נאָר אליין ,
זיי קאָנען דאָך זייער פיין
נאָר ארבעטער זיין
אונז העלפן בויען, מיט אַונז דאָ שטיין ,

דער צווייטער האָט געטראָפן
מען דארף אונז ניט באשטראָפן
דערקלערן מיר, זיי פרייען זיך דערפאר ,
מיט פרייד די אויגלאך פולע
א סימכע א געדולע
אלע יאטן לאכן , וואניא בינסט א נאר .

וואניושקא אָט דער יאט
האָט אלץ אף מיר א כ'שאד
מיין פּעטקייט,
מאכט זיין צווייפל אים ניט גרינגער ,
און פרעגט מיר מיט פארדראָס
זאָג נאָר וואָס איז דאָס ?
און גיט מיר אין בויך
א שטורך מיטן פינגער .

מיט די אױגלאך א ברען,
ער האָט מײַן האַנט דערזען
דאָס האָט דיר די מאַשין אָפּגעפּליקט ?
כאַװער פאַרגיב
איצט האָב איך דיך ליב
ער האָט זיך צו מיר מיט ליבע געדריקט !

געשפּרונגען, געהוליעט
צו אונדז זיך געטוליעט-
מיט פראַגן האָבן זײ אונדז אטאַקירט
אין אײער לאַנד מיט בורזשויען נאָך פול ?
געשלאָגן דאָרט קינדער —
אין א שעבוינענער שול .
דערצײלט אונדז װי האָט דאָס פּאַסירט !

באַװײזן די קלאַסן
שפּיל פּלעצער און טעראַסן
האָבן זײ אונדז אַרומגעפירט .
געפירט אונדז אין טעאַטער
אין דער עס-שטוב דער זאַטער
דאָס איז אַלץ אונזערס ! .
האָבן זײ שטאָלצירט !

געװען שװער זיך צו שײדן ,
מיט דעם קינדערשן גאַנהײדן
זײט געבענטשט, איר סאָװעטישע טעג ,
און דאָרטן פאַרבראַכט
ביזן פאַרנאַכט .
און אין פּאַלאַץ פון אַרבעט אַװעק !

צווײ קינדערלאך שײנע
שטעלן צוזאמען קלעצעלאך קלײנע
איך לײען די בוכשטאבן,
עס לויטעט סאַהעטי
און אָט מאַלט א מײדל
אזוי שײן אזוי אײדל
איך לײען די נעמען –
סאַקאַ און וואנזעטי.

אָט פלעכט אײנער אזוי געראָטן
פון פאָדים און דראָטן
וואָס פלעכסטו כאַווערל,
פאר פויגלען א נעסט?
א קוזק מיט די אויגן
דאָס נעזל פארצויגן
דאָס גרייט איך צו קיבעד –
פאר אומגעבעטענע געסט.

א יאט געזונט און פריש
לויפט צו צום טיש
שרייט אויפן לערער –
און רייסט זיך די האָר,
דיין דאיאגראמע טוינ ניט מיטסטאמע
עס וויל דאך ניט גיין דער מאָטאָר.

פעטיא האָב סייכל
זאָגט מיט א שמייכל
דער לערער–און נעמט אים גלייך איין,
גיב נאָר א טראכט
עפשער א טאָעס געמאכט
באטראכט נאָר, ס'קאָן אמאָל זײן.

גענומען באטראכטן
דעם מאָטאָר געמאכטן
א שריפעלע ערגעץ פארדריס ,
פארפעסטיקט די דראָטן
לוים לערערס געבאָטן .
א וואונדער, דער מאָטאָרל לויפט !.

אין פעטיא פול פרייד
דער מאָטאָרל גייט
זיין טאָעס, ס'פארדריסט אים דערפאר ,
זיך אין שטערן א קנאק
אָט. א דוראק ,
עד , בין איך דאָס א נאר !.

אויפן צווייטן עטאזש
א טומל א ראש
עס בויען דאָ קינדער א באן ,
מים פליגלען צעשפרייט
שטייט אויך שוין דאָ גרייט
צו פליען, א פארטיגער עראָפלאן .

מען שטודירט דאָ צוזאמען
צייכענונגען דיאגראמען
פון שיפן, און פארשידענע מאשינען ,
און בילדער וואָס ווייזן
ווי קוילן און אייזן
ווערן געגראָבן אין מינעס .

מיר קומען אין א צימער
מיט ליכטיקן שימער
פון לעמפלאך פארשידענע קאָלירן ,
עס שטייען דאָ יאסן
באַ פאָטאָגראַפישע אפּאראטן
פארן סאָוו . קינאָ זיי פראקטיצירן .

אף די עטאַזשן דריטן און פערטן
ביכער , טעאַטער , קאָנצערטן
אלץ איז דאָ , עס פעלט ניט קיין זאך ,
א דיסקוסיע א הייסע
א פארזאמלונג א גרויסע
אָט איז מען פארטיפט גאָר אין שאך .

מיר באַזוכן יעדער זאל
און איבעראל
עס וואקסט און עס בליט די קולטור ,
לעקציעס רעפעראטן
פראגן רעבאַטן
ס'וואקסט דער מענטש ,
א נייער סטרוקטור .

מיט זוכנדיקע אויגן
איבער ביכער געבויגן
דאָ שטודירט מען די מאפע –
פון וואָלגא ביז דנעסטער ,
אָט זינגט א כאָר נאמעס
און אָט שפילט מען דראמעס
און אָט רעפעטירט א אָרקעסטער .

א גלעקל טוט א רוף.
אלע הויבן זיך אויף
דאס רופט מען אף ברויט מיט קאפלעטן ,
א זאל לאנג און בריט
די טישן געגרייט
אויך מיר זיינען דארטן פארבעטן .

מען זיצט און מען עסט
מען פארברייינגט מיט די געסט
זיי פרעגן אונז פארשידענע זאכן ,
מיר זיינען שוין פריי און רייך
אבער וואס הערט זיך בא אייך ?
ווען וועט איר די רעוואלוציע שוין מאכן ?

געגעבן זיי צו דערקלערן
אז בא אונז וועט אויך ליכטיגער ווערן ,
באם געזעגענען זיך, אויגן עס פינקלען
אף אונזער אלעמענס פארלאנגען
זיינען מיר געגאנגען
אין זאוואד, מיטן נאמען דריי ווינקלען).

דארט לאנג ניט געזען
קיין סאך ניט געזען
צו שפעט שוין געווען אין דער נאכט ,
כאווירים אונז פירן
דורך טרעפן און טירן
מיר האבן דארט א טור נאר געמאכט .

מאַשינען גיגאַנטן
ווי שוואַרצע בריליאַנטן
ס'גלאַנצן קאַלאָשן טויזנטער פאָרן ,
אַלערליי סײלן
ווער קאָן זיי דאָ ציילן
און גומענע רעדער פאַרטיק צום פאָרן .

די אַרבעט גייט גוט
ס'איז טײער די מינוט
ידערער אַרבעט פלייסיק און גיך ,
מענער און פרויען
מיט ליבע זיי בויען
אַ גליקלאַכן לעבן פאַר זיך .

יעדער איינער איז זיכער
אַז ער וועט אַרבעטן גיכער
צום ציל, אַלץ זיכערער מען גייט ,
מיר וועלן אייך דעריאָגן
און אַריבער יאָגן
דערקלערן זיי אַלע מיט פרייד .

נו וואָס איז בא אייך ?
אַמעריקע איז רייך
פאַבריקן און געלד, און עסן אַ סאַך ,
און מענטשן ווי שטשורעס
אין הזאחערס קאנזורעס
מיליאָנען אָן אַרבעט —
אָן ברויט אָן אַ דאַך .

און װי לאנג װעט איר דולדן
דעם קאַפּיטאַליזם דעם װילדן
װאָס האָט אײך צו אזא לעבן געבראכט ,
בא אונז גיט א קוק
ניטאָ קײן מענטשן געזוק
מיר ארבעטן װי טאָג אזוי נאכט .

ניטאָ דאָ מער קײן פאראזיטן
זאָלן שלעפן פראָפיטן
מיר האָבן זײ מיטן װאָרצל אויסגעבראָכן ,
אױפן פעלד און אין פאבריק
מיר בױען אונזער גליק
אלץ איז אין אונזערע הענט .

אָפאך דורכגעטראָגן
זיך העלדיש געשלאָגן
אונטער דער פאָן פון לעניגס פארטײ ,
א בלוטיקער קריג
אָבער א זיג
האָבן מיר געהאט איבער זײ .

ס׳איז עמעס מיר לײדן
אָבער מיט פרײדן
װײל מיר װײסן פארװאָס
מיר בױען װאָס גיכער
און װײסן אָך זיכער
אז דער װאָס בױט —
דער איז באלעבאָס .

די הענט אונז געדריקט
א גרוס אויך געשיקט
צום אמעריקאנעם ארבעטער קלאס ,
צו די וואָס גייען ארום
און הונגערן שטום
און צו די וועלכע שלאָפן אין גאס .

לאָזט זיי געריסן
און לאָזט זיי אויך וויסן
מיר ווינטשן און ווארטן אף דער צייט ,
מיט אונז באנאנד זאָל אויך
~~זאָל אויך~~ אייער לאנד
ווי מיר , אויך ווערן באפרייט .

באגייסטערט דערהויבן
און פול מיט גלויבן
פון די ווערטער וואָס זיי האָבן אונז געזאָגט
וועגן אלץ נאָך געטראכט
מיט קיין אויג ניט צו געמאכט
אין דרויסן האָט שוין געטאָגט .

און ווידער
גייען מיר באטראכטן
די שיינקייט און פראכטן
פון לענינס שטאָט דער באפרייטער —
פון צארן געקרויינטע
אונטערטאנען פארווייינטע
היינט ,
מיט פרייהייט און פרייד דער באנייטער .

זײכער פון בלוטיקן שײטער
ס'שווימט אויף אין זיקאָרן
די בלוטיקע יאָרן
פאָן פלעווע סטאָליפּין
ניקאָלײ אויפן בלוטיקן טראָן ,
אין שפּאלטן פון אײן שטײן און צװײטן
בלוטיקע שפּורן פון זונטיק
דעם רױטן ,
קאָרבאָנעס, געפירט פון גאלאך גאפּאָן .

געזיגט ! האָט לענינישע פאָן
פרײ זענען סקווערן און גאסן
פארן מוטיקן טראָט פון פעלקער און ראסן
קײנער פארצאמט ניט דעם וועג ,
טיר און טויער אויפגעמאכט
גײ און זע און אלץ באטראכט
ס'איז דײנס, קײנעם ניט פרעג .

אין הינטער פאלאץ מיר זײנען אוועק
פּיאָטער דער גרױסער
דער מוטיקסטער קײסער
פון גאנצן ראָמאנאָװשן שטאם ,
רײט אלץ אויפן פערד
און די ערד
וואשט זיך פון די כוואליעס פון יאם .

עס עפנט זיך טויער א אײזערנער צאם
אין דאָס זיכער געווים
אז אידישע פּים
טרעטן דאָ איצט , דאָס הארץ טוט א ציטער
די אידישע שפּראך
א גאנגבארע זאך אונטערן דאך
פון צארישע טראָנען און געביטער .

סאָ זײט געבענטשט איר לעניִנשע ריטער
איר האָט מיט אײער לעבן
די פרײהײט געגעבן
אַף אײביק פאַרטריבן די פינסטערע נאַכט,
צעבראָכן די צאַמען
געריײניקט די פאַמען
פאַר אונז די טירן, ברײט אױפגעמאַכט.

און אַט פאָרן מיר שױן װידער
עס רוען אונזערע גלידער
אין װײכע װײס קלאָרע בעטן,
דער עקספּרעס זיך יאָגט
אין דרױסן שױן טאָגט
באַלד איז שױן מאָסקװע —
דאָס האַרץ פון סאָװעטן.

מיר שלינגען מיט דורשטיגע בליקן
מאָסקװער פאָרשטעט מיט אירע פאַבריקן
ריזיקע פלאַטפאָרמעס מיט שעפא געגרײט,
װײצן און קאָרן טױזנטער זעק
פאַרשידענע סכײרעס געפּאַקטע אין פעק
אין האַרצן נײט אױף אַזאַ פרײד.

רױכערדיגע קױמענס װי ריזן
צעשטעכן די הימלען װי שפּיזן
װי שלאַנקע סאָלדאַטן זײ שטײען אַף דער װאַך.
פרײלאַך עס רױשן מאַשינען
און מענטשן טעטיק װי בינען
שאַפן האָניק אַסאַך.

מאָסקווע, אָקיאַבער וואָקזאַל
אונדזאַ׳גער נאַניאַגראַ וואַסער פאַל
ס׳פליִיצן מענטשן כוואַליעס –
דורך טירן צעפּראַלטע,
דער כאָוועֶר וואָס פירט
האָט אָנגאָנסירט
אַז מיר פאָרן אַריין –
אין די כינעזישע הענט די אַלטע!.

ס׳פליט די מאַשין
אַהער און אַ הין
און פּלוצלונג. אַ שאַרפן דריי,
גענטאָן זיך אַ קער
צום רוסישן סקווער
ס׳אַנטפּלעקט זיך דער לענין מאַוזאָליי!.

פון אַלעמען איין פאַרלאַנג
אָפּצושטעלן דעם גאַנג
פון גרויסן פליענדיגן אָוטאָמאָביל,
אָט דאָס איז לענינס קייווער!
ס׳טוט אַ ציטער אַ יעדער איינער
דאָס האַרץ, עס דוכט זיך ווערט שטיל!.

ווי פון הימל אַ רוף!
עס וועקט אונדז אויף
פון קרעמל – זייגער,
דער הילכיגער שאַל!
ס׳צעזינגען זיך גלעקער
די לענינשע העקער
דעם מאַכטיקן הימען,
דעם אינטערנאַציאָנאַל.

דאָס איז שוין — — — —
האָט דער זייגער געקלונגען
מיט פויסטן פאַרשטייפטע
האָבן מיר מיטגעזונגען
עס גיבן סאַלוט !!
רויטע אַרמייער אַף לעצטנס שוועל,
די מאַשין לויפט צוריק
אַריבער אַ בריק
אַט זײַנען מיר שוין אין האָטעל.

ניטאָ איצט קיין צייט צו באַטראַכטן
פון האָטעל די שיינקייט און פּראַכטן
מאָסקווע רופט, און ציט ווי מיט צוואַנגען,
אימען געקראָגן
געפּעק אַרייַנגעטראָגן
נאָך אַ לייכטן צוביס —
איבער מאָסקווער גאַסן געגאַנגען.

מאָסקווע,
ווי אַ בײַזע לעגענדע פון אידן דערמאָנט
בלויז דורך ביכער האָב איך דיר געקאָנט
קרעמלין, דער שרעק פאַר פעלקער פון דויערס,
דער בלוטיגער שפּאַן
פון דעם שרעקלאַכן איוואַן
און ראָמאַנאָווסע פינסטערע גזיירעס.

איצט, אָן מוירע אָן שטער
קומען פעלקער אַהער
מיט ליבע און וואונדער צוזאַמען,
און בײַנטשן די הענט
וואָס האָבן פאַרברענט
און צעבראָכן די פינסטערע צאַמען.

איך שטיי אויפֿן בריק
ס'פֿאַלט מײַן בליק
אַף אַ לאַנגער אַ ריזיגער װאַנט ,
װאָס האָט בלוטיגע טראָגן געשפּיצט
און איצט
דער ליכטיגער צענטער פֿון סאָװעטן פֿאַרבאַנד .

פּראָספּעקט ריין . אין די לופֿט
שפּעט אַ קזיאַד · עס רופֿט
צום היסטאָרישן רויטן סקװער ,
פֿ'ציִען זיך איבער סקװערן און גאַסן
מאַכנעס פֿון פֿעלקער און ראַסן
פֿון לענדער פֿון װײַטע זיי קומען אַהער .

אין װילן אין האַרץ צוזאַמענגעקנאָטן
ניטאָ אַזאַ לאַנד װאָס איז דאָ ניט פֿאַרטראָטן
געקומען , געשטעלט זיך אין ריי
פֿון פֿאַרשידענע לענדער טעכטער און זין
מיט אויגן פֿאַרליבטע זיי קוקן אַהין
צו דער טיר , פֿון לענינס מאַװזאָליי .

דאָס איז שוין — — — — —
צעקלינגט זיך דער זייגער
יעדער 15 מינוט אַף סאַװעסישן שטייגער
דער װײַזער װײַזט , עס איז פֿיר ,
װי כװאַליעס צעװיגן זיך די רייען
מיט געמאָסטענע טריט מיר . גייען און גייען
אין מאַװזאָליי , דורך דער אָפֿענער טיר .

געקומען. אין אײַכעט מײַן רײַ
דאָס הארץ פלאטערט אזוי
איך פיל אז מײַן אָטעם ווערט אָפּגעשטעלט,
כ'ווער באהערשט מיט אײַן געפיל
מײַנע ליפּן מורמלען שטיל
לעניִן, לעניִן
געטרײַסטער פירער פון דער וועלט.

איך גײ טריט בא טריט
מיר דוכט עס רײדן די ווענט פון גראַניט
און דערצײלן דעם וואונדער פון קאַמף און זיג,
די ליכטיגע טעג
פון לענינס וועג
ווען געפלאַקערט האָט דער קריג.

א מאמע מיט איר קינד באם האנט
גלעט מיט ליבע די שטײנערנע וואנט
אף די טרעפּ טוט א שײַן –
פון לענינס געלעגער דער פײַער,
נאָר אָט בלײַבט זי שטײן
און זאָגט מיט געװײן:
טאטעלע לעניִן! אונזער באפרײַער!

ווי א פײַער גלוט
אין הערצער און בלוט
האָבן אירע הארציגע ווערטער צעצונדן,
ס'וועט בלײַבן אין מײַן זיקאָרן
אף אלע מײַנע יאָרן
דער ליכטיגער אָנדײַנק,
פארקניפּט און פארבונדן.

ארונטער די טרעפ
מיט געבויגענע קעפ
אין הארץ א געוויטער א שטורעם ,
מיר גייען ארויס
די אויגן פייערדיק שטום
ברענען דורך דעם גלעזערנעם טורעם .

עס רופט לענין ,
חי נאך א שווערן טאג ארבעט אף רויטן קישן
נים בעקאנט האט דער טויט –
פארמעקן פארווישן
פון זיין הויכן שטערן די גענייאלע בוואורע ,
לענין רופט זיך בלויז אפ
און זיין קאפ –
שיקט ווייטער און ווייטער די ליכטיגע בשורע .

די אויגן טיף פארמאכט
אונטערן שטערן וואס כאלעמט און טראכט
ס'בינדן זיך פלענער מיט פלענער באנאנד ,
ס'באצייכנט דעם וועג
דער גרעסטער סטראטעג
וואס פירט צום אלוועלטלאכן סאוועטן פארבאנד .

די הענט אויפן הארצן צוזאמענגעשלאסן
מיט ליכט פון שפיץ טורעם זיין בעם איז באגאסן
און צעליכטיקט די וועלט מיט פריידיגע גרוסן ,
עס שטייט קאטאמאליעץ א יונגער א בראווער
לעגינט א טאלמיד , לעגינט א כאוועד
ער שטייט און ער וואכט באם צעפוסן .

מיט ליבע און כאָכמע זיינע ליפּן זיי ריידן
שווער, זייער שווער איז פון אים זיך צו שיידן
מען מוז גיין, נאָר עס טוט אזוי באנג,
איינטערוויילעכטס אף טרעפּ זיך געצויגן
מיט זיין אָנזיכט געזעטיגט די אויגן
דאָס איז שוין אונזער לעצטער — — — —
האָט לענינשער זייגער באגליים אונזער גאנג.

ס'צעציינד זיך די נאכט
אין סאָוועטישן פראכט
אף גאסן די לאָמפּן, אין הימל די שטערן,
בא די קרעמלין ווענט
מען דריקט זיך די הענט
ס'חילט זיך מיט אלעמען באהעפטן —
אין קערפּער צו ווערן.

ווי א ליבע מישפּאָכע מיר גייען צוזאמען
עס פרעגט זיך דאָס קינד בא דער מאמען
ס'קלינגט איר פראגע, ווי א זיסער געזאנג,
זאָג מיר מאמע :
ער שלאָפט נאָך אלץ מיסטאמע ?
וועט דיאדיא לענין שלאָפן נאָך לאנג ?!

אין פראָסטיגן אָוונט צום האָטעל געלאָפן
אין זאל די כאווירים געטראָפן
יעדער איינער א פארפרויזטער א זאטער,
דער אָזטאָמאָביל פון אינטוריסט שטייט
אלע זיינען גרייט
צו פאָרן אין מאָסקווער מעלוכע טעאטער.

פערזענלאכער פארגעניגן, צו קלײן איז געוואָרן
ניט געקאָנט זיך באשליסן אין טעאטער צו פאָרן
ס'איז דער אײנדרוק צו גרויס און צו שײן ,
בין שפּעט אין דער נאכט
געלײענט געטראכט
אין מײן צימער אײנער אלײן .

מײן הארץ האָט געשטורעמט
אין געדאנק האָבן זיך געפורעמט
בילדער נאָך בילדער אָן א שיר ,
זײ צוזאמען געקליבן
פארצײכנט פארשריבן
פארכאסמעט אין קאָפּ און אין הארצן בא מיר .

אין דער פרי
געפונען דעם מאָסקווער עמעס באם טיר
איבער די שפּאלטן איך מאך א שפּאציר .
צו דער בויאונג פון סאָוועטישן פּלאן –
אין איצט נויטיק סטאָליארעס אסאך ,
צו מאכן פענצטער און טירן
פאר בויער וואָס פרירן
און הארטן אף א הײם און א דאך .

באלד אויפן שטעל
באם פארוואלטער פון האָטעל
געקראָגן א כאַווער וואָס האָט מיר געפירט ,
ער האלט מיר אין אײן דערקלערן
די נעמען פון גאסן און סקווערן
און אלץ וואָס דאָ האָט פּאסירט .

קלויסטערס קופּאָלן
צייכנס פון אַלטע זמאַלן
אַוואו דאָס אויג טוט אַ בליק,
שטייען פאַרלאָרן צעשראָקן
פאַרשוואונדן דער גלאַנץ און די גלאָקן
וואָס האָבן געהערשט דאָ מיט יאָרן צוריק.

טיכאָנקאַ, דער הייליקסטער אָרט
ס'האָבן טויזנטער גלויביגע דאָרט
פאַר מיילן אַף די קני געקראָכן,
געוויינט און געדאַוונט באַם הייליקן צאַם
פון זינד זיך גערייניקט
פאַרן הייליסטן כראַם
וואָס ליגט איצט צעשמעטערט צעבראָכן.

ס'האָט באָלשעוויק
צעריסן די שטריק
וואָס האָבן מענטשלאַכע הערצער —
און ווילנס געבונדן,
געקרעפּטיקט די קויכעס
געליכטיקט די מויכעס
מיט ליכטיגן וויסן צעהעלט און צעצונדן.

אויפן פּלאַץ פון פינסטערן גלויבן
פון רויבער דערהויבן
וואָס האָט אין קיטן געשמידט —
די פעלקער פון לאַנד,
וועט שיינען מיט פּראַכט
די סאָוועטישע מאַכט.
דער סאָוועטישער פּאַלאַץ —
פון פרייען סאָוועטן פאַרבאַנד.

ס'איז מײן פירער, א װאונדערלאכער אָראטאָר
א מאלער א קינסטלער, א צינגל א גלאטער
זײנע װערטער: װי בילדער זיך גיסן,
בילדער פון לעצטן שאָס
אין כראם פון באשיצער כריסטאָס
און דעם לעצטן הײליקסטן טורעם צעריסן!.

באם געצױגענעם שטריק
איך נעם ארום מיט מײן בליק
דעם טױזנטער קעפיגן עולאָם,
אלע קוקן אהין
צום פילפיסיגן טורעם װי א ריזיגער שפין
אויפ קאָפּ, א קופּאָל מיט א צײלאָם.

צעפּאטלטע פּאָפּעס װי װילדע גאָרילעס
קניענדיק פרעפלען זײ טפילעס
מענער און פרויען אף דער ערד אויסגעצויגן,
כ'הער א פארצװײפלטן געװאָי
האָספּאָדי פּאָמילוי
ס'גיסן זיך טרערן פון הונדערטער אויגן.

הײליגער יעזוס באשיצער דו גוטער
און דו אונזער אײנציגע הײליגע מוטער
אין אונז דײנע קינדער ניט פארגעס,
הײליגע בסולע
באװײז דײן גענדולע
באװײז אונז דײן גװאורע
באװײז הײנט דעם נעס.

א קנאל ! אין פוס האָט זיך צעלייגט
ס'האָט זיך דער ציילאָם צום געזעגענען פארנויגט
און שטייט מיט א געבויגענעם קאָפ,
א צווייטע פוס טוט זיך א שאָקל
דער ציילאָם טוט זיך א וואקל
ס'דוכט זיך ער פאלט באלד אראָפ .

און ווידער א קנאל, די ערד טוט א ציטער
עס פאלן שפליטער נאָך שפליטער
דער ציילאָם ער טוט זיך א הויב ,
ער טוט זיך א קער
מען זעט שוין ניט מער
נאָר א געדיכטן וואָלקן מיט שטויב .

א אלטע פאָר פאָלק זע איך דאָ שטיין
זי אף זיין אקסל ברעכט אויס א געוויין
ער איז ווי פארשטיינערט –
ס'ציטערט די ווייסע צעפּאטלטע באָרד ,
נו, עראויף, גלעט ער איר צארט
זעסטאָך ! ס'האָבן אונז די פריסטער גענארט
קיין זאך ניט געווען איז דאָרט .

פאָפּעס מיט צעלאָזענע פאָלעס
ווי באזיגטע נאָך שווערע מאפּאָלעס
שארן זיך איינזאם אוועק ,
ווי פארלאָזענע שטיינער
ס'באגלייט זיי ניט קיינער
אף זייער פארלאָרענעם וועג .

איך האָב אַ נײַעם גלאָק באַשאַפֿן
צו דערוואַכן טויטע שלאָפֿן
מיט רײַזנס ליד ס'צעזינגט זיך מײַן בלוט,
אין זוניקער פֿרײַד פֿאַרוואַנדלט די נאַכט
ווער האָט דאָס פֿאַרגרײַט און געבראַכט?
ס'איז לעגין, אונזער פֿירער וועלכער רוט.

איך מאַך: שעכיאָנו, און טראַכט
געבענטשט זײַ סאָוועטישע מאַכט
דיר איז די ליכטיגע מיסיע באַשערט,
האָסט מיט דײַן טאַט
דערפֿאָלג דאָך געהאַט
די גענאַרטע פֿאַרפֿירטע דעם עמעס דערקלערט.

דער כאַווער וואָס פֿירט
האָט מײַן האַנט באַרירט
כאַווער, איר כאָלעמט אַף דער וואָר?,
מיר גײַען צוריק
פֿון געצויגענעם שטריק
ער פֿירט מיר אַרײַן אין קאַנטאָר.

כאַווײרים איבער ביכער געבויגן
באַגעגענען מיר מיט ליבע אויגן
און גיבן מיר אַ האַרציגן ווילקאָמען,
אָט רעד שוין מיט מיר
אַ אידישער אינזשעניר
אַ שאָד, ניט פֿאַרצײַכנט זײַן נאָמען.

װי כאַקײרים גאַנץ נאָנטע
װי אַלטע באַקאָנטע
אײנער פֿון צװײטן אינפֿאָרמאַציעס גענומען,
כ׳האָב אים קלאָר געמאַכט
װעגן אַלץ װאָס איך האָב געבראַכט
דערקלערט אים דעם צװעק פֿון מײַן קומען.

ס׳גענפעלן אים די פלענער
דעם סאָװעטישן קענער
ער זאָגט מיר צו, פֿאַר מיר אַלץ צו טאָן,
צענטראַלנאַיאַ 1 — ער שרײַט
אַ רעדל ער דרײט
אין קאַנטאָר פֿון (מאָס דרעװ) קלינגט ער אָן.

ער רעדט אַזױ גיך
און צערױטלט זיך
יאָ, יאָ, אַ אַמעריקאַנער ספּעציאַליסט,
װעסט אים זען
מאָרגן אַ זײגער צען
אַ פֿאַרטײנער, נו, אַװאַדע אַ קאָמוניסט.

אין האָטעל געקומען צוריק.
מיט פֿרײד פֿון הײנטיגן גליק
פֿאַרשפּעטיקט דעם אינטוריסטישן פּאָר,
מיטן כאַװער פֿירער אָפּגעמאַכט
אַז הײנט אַף דער נאַכט
גײען מיר צו פּראָבע באַם אידישן כאָר.

מיר שפּאַצירן דורך פראַכטיקע זאַלן
פון אַלץ, אַף וואָס די אויגן נאָר פאַלן
אין האַרץ איז אַ פרייד זיך צעגיסט,
איבער ציטונגען און ביכער
זיצט מען רואיק און זיכער
אין אייגענער היים, אין אידישן קלוב קאָמוניסט.

דער כאָר זינגט
האַרמאָניש עס קלינגט
יעדער טאָן, און יעדער וואָרט,
עס טראָגט מיך אַ חן
פון וואַנען איך בין
אין שיקאַגער געזאַנג פאַריין
אַף מיין שטענדיגן אָרט.

מיר דריקן זיך די הענט
ס'האָט מיר דעקאָנט
אַ כאַווער פון שיקאַגער געזאַנג פאַריין,
ער שטעלט מיר פאָר
פאַרן גאַנצן כאָר
אַט בין איך בא זיך אין דער היים.

ס'פאַרשווינדן ווייטקייט און יאָמען
פאַרווישט ווערן גרעניצן און צאַמען
מאָסקווע, שיקאַגאָ, איין וועלט איין פאַרלאַנג,
ס'האָבן זיך הערצער צוזאַמען געבאָטן
אַ היילקן בונד מיין קלאַס האָט געשלאָסן
די זעלביקע לידער, דער זעלבער געזאַנג.

מאָס דרעוו , ליכטיגע זאלן און זאלן
פארשידענע סאָרטן האָלץ מאַטריאלן
מען צייכנט דאָ פלענער פאר בויאונג פון לאנד ,
ס'צייכענען יונגע ארכיטעקטן , אינזשינירן
פלענער פאר מעבל , פענצטער און טירן
פארן וואוקס פון סאָוועטן פארבאנד .

מעבל אנטיקן
הילצערנע בריקן
מאָדעלן פון הייזער און שיפן ,
כינע און באטראכט
די שאפנדיגע פראכט
אין קאנטאָר , האָט מען מיר שוין גערופן .

א פארזאמלונג :
אינזשינירן דירעקטאָרן
זיך צוזאמען געפאָרן
פון פארשידענע ווינקלען פון לאנד ,
מען גיט אָפּ באריכטן
פון בויאונגען נייע , און אלטע פאריכטן
אלץ ווערט דאָ באטראכט און געפלאנט .

וואו צו האקן די וועלדער
באדעקן זומפּן און פעלדער
מיט פאבריקן און ליכטיגע שטעט ,
וועגן קלעצער און פאליעס
צו צאמען די כוואליעס
פון דניעפּער און דווינע
דניעסטער און פרוט .

אײן צײל אין פּראָן
דעם פינף יאָריקן פּלאַן
מוז מען דערגרייכן אין פיר ,
ס'האָבן שוין גערעדט
פאָרשטייער פון יעדן סאָװעט
געקומען אין די רײ אויך צו מיר .

צו ריידן די רוסישע שפּראַך
איז פאַר מיר א אידלע זאַך
כ'האָב קײנמאָל די שפּראַכגוט ניט געקאָנט ,
איך בעט א איבערזעצער
ס'הויבן זיך פנן שטולן און פלעצער
צענדליגער אידישע הענט .

דאָס גיט מיר צו מוט
כ'רייך פליסיק און גוט
איך פיל זיך װי אײנער פון זײ ,
כ'דערקלער דעם צװעק
פון מײן װײטן װעג
און װאָס איך פאַרלאַנג איצט פון זײ .

דער איבערזעצער מײן ליבער
מײן רעדע ניט איבער
זאָגט אויך זײן אײגענעם געדאַנק ,
דריקט אויס א װילקאָמען
אין אלעמענס נאָמען
הייסט שטיצן מײן פּלאַן און פאַרלאַנג .

ס'ברעכט אויס
א אײנשטימיגער אפלאָדז
מען דריקט מיר די האַנט
מען גיט מיר אויך "שאָלעם",
אין האַרץ זיך צעשפּרייט
אזא האַרציגע פרייד
פאַרווירקלאכט עס ווערט איצא מײן כאָלעם.

אלץ וואָס איך האָב געבראַכט
ווערט בײקוקט און באטראַכט
באשלאָסן וועט אלצדינג דאָ ווערן,
מײן פּאַרטײ בילעט רעגיסטרירן
גײט א כאַווער מיר פירן
און אונזער שטאַב, דעם קאָמינטערן.

א פולער זאל
דער אויסדרוק פון אינטערנאציאָנאל
ס'האָבן זיך דאָ פעלקער צוזאמען גענאָסן,
שפּראַכן און ווערטער וויבדירן
פּענימער, קליידער, פאַרשידענע קאָלירן
פיטאָ אזא פאָלק וואָס אין דאָ ניט פאַרטראָטן.

האַלאָ כאַווער (אין דער ענגלישער שפּראַך)
מיר דריקן זיך די הענט מיט ליבע אסאך
ער לייענט פון מאָס דרעוו דעם ראַפּאָרט,
ס'ווײזט אויס ער האָט פון דעם אנגאָע
ווײל ס'גלאַנצן די אויגן די בלויע
און שעפּשעט גאַנץ שטיל יעדער וואָרט.

ער נעמט מיך ארום
נו כאווער קום
איך פיל אזוי ווארים און גוט ,
גוצלאָז צו ווארטן אף מאָרגן
ס'וועט היינט נאָך אלץ באזאָרגן
כאווער באָראָדין , דער נאר קאָמטרוד . [illegible]
[illegible]

די איבעראשונג איז גרויס
אין הארצן ווערט הייס
כאווער בערג פון שיקאגאָ ,
כאווער און לערער דו ליבער
בערג באָראָדין , דער זעלביגער פייער
זיין האנט דרוק , זיין וואָרט
אזוי ליב און טייער
ווי טויזנטער זוניקע לידער .

ער קלינגט אָן
אין טעלעפאָן
א דירע און עסן פאר מיר איז שוין גרייט ,
אוואו דיר צו שיקן מיר וועלן באשליסן
ניט נעמען וועט לאנג און דו וועסט דאָס וויסן
נאָר דערווייל צו דער ארבעט ,
א שאָד איז די צייט .

די זעגן זיי זינגען
בליציגע העק מיט אמפעט זיי שווינגען
שניידן און בייסן זיך —
אין זאפטיגע קלעצער אריין ,
אונטער טויזנטער הענט
צעוואקסן זיך ווענט
וואָס וועלן פאר ארבעטער היימען באלד זיין .

מיט טויזנטער ארבעטער צוזאמען
העלף איך מאכן טירן פענצטער און ראמען
מײַן פארקריפלטע האנט װערט שטארקער געזינטער ,
ליב און זיס
יעדער מאָלצײַט מיר איז
דאָס סאָװעטישע ברויט, מײַן קאָשער פארדינטער .

פון דער ארבעט דער גאנג
זעטיקט מיר װי א שײנער געזאנג
כ'האָב שיר ניט פארגעסן די פלענער מײַנע ,
נאָר אָט װעקט מיר אויף
פון מאָט דרעמל דער רוף
צו פאָרן אין דער שײנער אוקראַינע .

עס יאָגט די באן
אין נאכטיגן שפאן
די רעדער זי מורמלען א ריטמישן ליד ,
דרימלענדיק זינג איך אוקראַינע, אוקראַינע
איך קום דיר צו ברענגען די כאלוימעס מײַנע
װאָס איך האָב דורך יאָרן געכאָלעמט , געהיט .

פרימאָרגן אין בלויעם קאיאָר .
בא די פענצטער אין שמאָלן קאָרידאָר
װאָס לויפן און כאפן —
טראָפּן נאָך טראָפּן טאָג ליכט ארײַן ,
א געשפרעך שוין מיר פירן
מיט הויכע ארמײ קאָמאנדירן
צו פרישטיק זײ לאדן מיר אײַן .

זאלבע פינפט געזעסן
געטרונקען געגעסן
ס'צעיאגטעפט זיך אונזער געמיט ,
ס'באפעלט קאמאנדיר
אז איינער פון [illegible] אונז פיר
זאל פארציען און זינגען א ליד .

אט האסטו גיבוירים
וואס שווייגט איר כאווירים !
ער באפעלט מיט א ביזן געשריי ,
עס וועט קיינעם ניט מיידן
א טויב שטומען סיידן
און צעזינגט זיך דער ערשטער אין רײ .

אויפן פריפעטשיק ברענט א פייערל
און אין שטוב איז הײס
ס'צעפלאקערט זיך הײם ווי צונטער
און מיר אלע כאפן אונטער
און דער רעבע לערנט קליינע קינדערלאך
דעם אלעף בײס .

עס ענטזאגט זיך ניט קיינער
ס'זינגט יעדער איינער
געקומען די רײ אויך צו מיר ,
איך זינגען שייפערס לידער
כארן פון שייפערס צווי ברידער
און איך ווער איבער זײ קאמאנדיר .

מיט געזאַנג און דערצײלונגען –
דער טאָג איז אריבער
א צעהעלטער מיט פרייד אזא ליבער
אין דניעפּראָפּעטראָווסק –
האָב איך זיך אָפּגעשטעלט,
אָרעם אין אָרעם
מיר געזעגענען זיך וואַרים
ס׳האָבן אויך קיין קושן ניט געפעלט.

אוקראַינע,
באַשמוצט דײַן ערלאָכן נאָמען
מיט שכיטעס און בלוטיגע פּאָגראָמען
האָבן די פּריצים, און בלוטיגע אטאמאנען,
נאָר דורך קאַמף און טײַערע קאָרבאָנעס
האָסטו אָן ראַכמאָנעס
פאַרניכטעט פאַרייאָגט זיי פון דאַנען.

האָסט דײַן ערלאָכן נאָמען געריינגט
איצט לעבן דאָ אלע פאַראייניגט
אין דער סאָוועטישער פעלקער מישפּאָכע,
און מיר איז באַשערט
צו באַטרעטן דײַן ערד
און טראָג אין מײַן האַרץ דיר א בראָכע.

דניעפּראָפּעטראָווסק
דו האָסט מיך אויפגענומען ווי א מאמע –
איר פאַרוואָגלטן קינד
וואָס איז אלע יאָרן געשלײדערט פון ווינט
אין די אָרעמס די מאַכטיגע דײַנע,
צו דײַן האַרץ מיך געטוליעט געוואַרעמט
מיט דײַן קרעפטיגן אָטעם
געשטאַרקט און געוואָרימט
דו ליכטיגער שטערן פון אוקראַינע.

האָסט די ליכטיגסטע בלאַט
אין מײַן לעבן געשריבן
אין מײַן האַרץ איז אַף אײביג פאַרבליבן
די כאַװעריִשע פרײַד װאָס דו האָסט מיר געגעבן ,
איך האָב געפונען א ליבע הײם
בא די נאָדל מישפּאָכע
כ׳װעל אויך זײ דערמאָנען מיט א בראָכע
אלע מײַנע יאָרן , װי לאַנג איך װעל לעבן .

װאָלט איך א דיכטער געװען
װאָלט איך דײַן הײסן אָטעם און ברען
אין ליכטיגע לידער באַזונגען ,
דײַנע צעליכטיגטע זאַװאָדן
מיט שאַפונג באַלאָדן
דײַנע ריזיגע קוימענס װאָס לעקן -
די הימלען , מיט פײַער צונגען .

און שמעלצן דאָס אײַזן אין קעסלען צעגליטע
אין טויזנטער פורעמס װי בלומען צעבליטע
פאַר טראַקטאָרס , מאַשינען , און טאַנקען ,
די טויזנטער הענט װאָס יאָגן און אײַלן
װאָס זעגן און הובלען טאָקן און פײַלן
פאַרן סוינעס ביקסן און שװערדן װאָס בלאַנקען .

א גליקלאכע האָב איך דיר געפונען
פאַבריקן און אַרבעטער װי ליכטיגע זונען
שאַפנדיק אויצרעס װי טאָג אזוי נאַכט
עס רוט ניט מאַשין , עס רוט ניט די האַנט
ס׳איז יעדער רעגע אין אַרבעט געשפּאַנט
ס׳צעװאַקסט זיך דײַן רײַכטום און פּראַכט .

פארשוואונדן איז האס, פארשוואונדן פארדראָס
יעדער איינער וואָס שאפט איז אויך באלעבאָס
ס'וועט קיינער זיין מי ניט בארויבן ,
נישטאָ דער צעטיילונג פון קלאסן
קיין סינע צווישן פעלקער און ראסן
אלעמענס גליק, איז דער איינציגער גלויבן .

און דו, מעבל זאוואָד נומער פינף און צוואנציג
ווי די זון אזוי ליב און הארציג
מיר באגאָסן מיט פרייד. דורך דיינע שויבן ,
מיט דיין הילף האָב איך געמאכט
פיל מער ווי איך האָב דורך יאָרן פארטראכט
האָסט מיר צו דיין שלאָגלער דערהויבן .

און איר כאוויירים מייסטערס דירעקטאָרן
האָט זיך אף אלע מיינע יאָרן
אין מיין הארצן מיט ליבע פארקליבן ,
איר האָט מיר געדאנקט
און באם געזעגענען דערלאנגט
אף פאפיר, אלץ פינקלאך פארשריבן .

דעם אָפשייד איז שווער צו פארגעסן
צוזאמען בא טישן געטרונקען געגעסן
מיט רעדעס און שיינעם געזאנג ,
א צוויי וואָכנדיגן טור א פרייען א רייכן
מיט באנען און שיפן אף לאנד און אף טייכן
מיר געגעבן א ליבן געשאנק .

זיך צעשייד
מיט ליבע און פרייד
און ווידער אין וועג זיך געלאָזן ,
פאַרביי וואַגאָנישע שויבן
ס'פליען הי טויבן
ווייסינקע דערפער, און שיינע קאָלכאָזן .

אלט קאָנסטאַנטין
מיט מיין ברודער צו זען זיך
געקומען אהין
ס'ווילט זיך ניט פאָרן צוריק ,
אף סאָוועטישן כעשבן
די קינדער שטודירן
פייסאַך א דאָקטער, גאָלדע אקושערן
ראָכל, א לערער פון מוזיק .

רייזל זינגט לידל נאָך לידל
נאָטקע שפילט פידל
די שוועגערן דערציילט א היסטאָריע ,
מיין ברודער פאַרזיכערט מיר
אז נאָטקע וועט זיין אינזשעניר
און רייזל גרייט זיך שוין
פאַר קיעווער קאָנסערוואַטאָריע .

און ווידער אין שפּאַן
מיט נאַכטיגן באַן
עס וויל מיר באַצווינגען דער שלאָף ,
נאָר עס האַלטן מיך פעלדער
באַם פענצטער געבונדן
מיט ליכט און מיט טראַקטאָרס
צעברויזט און צעצונדן
די גאַנצע וועג ביז פאַסטאָוו .

קיעװ אָדעס, צװײ קאַלעס אין פּראַכט
ס'האָט דניעפּער און יאַם מאַטאָנעס געבראַכט
באַקלײד און באַפּוצט איך די גלידער
איך צו באַװאונדערן מעבוטאָנים קומען
אַף באַנען און שיפּן מיט קראַנצן און בלומען
מיט שעפּא מיט פרייד און מיט לידער.

אַף דינעפּערשער שיף אויפן דעק
װאָך איך דורך נעכט און דורך טעג
דאָס אויג קאָן זאַט געניט װערן,
אין װאַסער שעמערירן און גלאַנצן
אַרום שיף אַ קאָשער-טאַנץ טאַנצן
צוזמען לעװאָנע און שטערן.

דער פרילינג אַ מילדער
מאָלט בילדער נאָך בילדער
מיט גרינקייט באַפּוצט ער די ברעגן,
ס'ציט זיך דער מילך װײסער טוי
אין פאַרטאָגיגן בלוי
דער אויפבײענדיגער זון שוין אַנטקעגן.

עס צעקרײען זיך הענער
אַף פאַרשידענע טענער
א סיגנאל ! פאַרן מאָרגן קאָנצערט,
ס'צעזינגען זיך באַלד
דער טײך און דער װאַלד
װען די זון צעקושט זיך מיט דער ערד.

ס׳שפּילן פויגלען אף בוימער און פלויטן
אף פידלען, האַרפן און פלייטן
א הונט, האַוקעט אָן קאַס ,
שעפסן אָף צאַרטע קלאַרנעטן
מעקען, ווי זיי וואָלטן א טפילע געבעטן
דער האָקס , שטימט צו אויפן באַס .

גראָז שפּרינגער, די קליינע פּאַיאַצן
קלאַפּן צום טאַקט ווי מיט טאַצן
מיט א דריבנעם געלעכטער –
צעלאַכט זיך א פערד ,
קאַטשקעס און גענדזלאָך א סטאַדע
פלוידערן א וואַסער באַלאַדע
טראָגן צו זייער כיליק צום קאָנצערט .

א פערדל אין וואָגן געשפּאַנט
א באָכער מיט בייטשל אין האַנט
אף ווייסן און זאַמדיגן שליאַך ,
זאַפּטיגע ערד שוין צעאַקערט געוואָרן
ס׳רוישן און קלאַפּן סטאַלינס טראַקטאָרן
שלעפנדיק סאָכעס און בראָנעס אַסאַך .

ס׳שטימט אונזער שיף ווי א שטאָלצער שוואַן
ס׳באַגריסט איר פון וויטן א לויפנדער באַן
מיט פריילאַכן פייף, און גלעקל געקלאַנג ,
פון הויבן א אָדלער אין זילבער קאָליר
אונטער די וואָלקנס אין לופטיגן שפּאַציר
באַגריסט אונז, מיט פראָפּעלאָר געזאַנג .

כ׳דערהער דעם נאַיאַגרישן שטורעם
פֿון וואַסער דערהויבט זיך גיגאַנטישער טורעם
ס׳האָט מענטשלעכער קניאַך —
דעם דניעפּערשן פֿלײץ די פּאַרצאַמט ,
ס׳האָט וואַסער געשרײ
אויף דינאַמישן דרײ
מיט קראַפֿט און מיט ליכט
גאַנץ אוקראַינע צעפֿלאַמט .

שווער צו דערציילן דעם גליק
שפּאַצירנדיק איבערן בריק
דעם שײנעם האַלב-רונדן בולוואַר ,
דניעפּער ווען איך האָב אין מײן ׳מויאַך
דעם דיכטערשן קויאַך
וואָלט איך געזונגען : אַזאַ —
הימנע דערפֿאַר .

דניעפּער דו ברײטער און טיפֿער
[illegible] אײַנ[illegible] שײַן יאָר נאָר, אַ שטיפֿער
הוליענדיק שפּרינגסטו אַרויס פֿון דײַן בעט ,
נאָר אַ גאַנץ יאָר ווי אַ מאַמע אַ געטרײַע
אויף דײַנע פּלײצעס די מאַכטיקע פֿרײַע
צעטראָגסטו זאַטקײט קראַפֿט און ליכט
איבער פֿעלדער דערפֿער און שטעט .

דערלאַנגסט פֿון דײַנע טיפֿן די פֿיש
צו יעטװעדן טיש
מיט דײַן סוי מאַכסטו זאַפֿטיק די פֿעלדער
צעטראָגסט קוילן און אײַזן אויף פֿלײַציק וועגן
אויף שיפֿן און באַרזשעס פֿון ברעגן צו ברעגן
ברענגסט אויך דאָס האָלץ פֿון די וועלדער .

דניעפּער !
כ'װעל דערצײלן דײן שײנקײט פאר לײטן
אין מײן לאנד. דעם נאָענטן דאָך װײטן
װאוהין איך פאָר איצט צוריק,
כ'װעל דערצײלן װי שײן דו בינסט
װי ערלאך דײן לאנד דו דינסט
פאר אַלעמען !
אין באַס אין הױז אין פאבריק.

צום װידער זען !,
און שיק װײטער מיליאָנען מיליאָנען
מיט דונער און בליץ, עלעקטראָנען
באַקרעפטיק, באַליכטיק, די לעבע סאָװעטן, ליבע
די סױנים װאָס גיריקײט װעבן
זאָלן קײנמאָל ניט דערלעבן
מיט זײערע פאַרעטערישע פים דיר באַטרעטן.

!! גוט יאָנטעף !!
שטעטלאך װאָקזאַלן באַפּוצטע אין רױט
אין לאָקאָמאָטױװישן פײף ס'הערט זיך די פרײד
מיט ערעװ יאָנטעף געאײל אין זײן יאָגן,
מיר פליען קײן מאָסקװע —
װי קינדער צו דער מאַמען
דעלעגאַטן פון פעלקער, אַלע צוזאַמען
ערשט-מאַיקן, גוט יאָנטעף איר זאָגן.

ניט געװען אף דער װעלט אַזאַ פאַנטאַזיאָר
זאָל קאָנען זיך פאָרשטעלן א בילד אף דער װאָר
װאָס זאָל זײן אַזױ רײך קאָלאָסאַל,
ס'איז מאָסקװע באַפּוצט מיט בלומען און קװײטן
באַקלײד און באַהאַנגען מיט גאָלד און אין רױטן
און װאַרט אױפן יאָנטעף מײנאַל.

ניט נויטיק קיין בעט און קיין דאך
פאר טענץ און פריידן געלאך
אף גאסן, צעצונדן אין פראכט
גאנץ מאָסקווע א פאלאץ א גרויסער
דאָס לעבן, א אָטעם א הייסער
אין טאָג – אין פארוואנדלט די נאכט.

אף גאסן און סקווערן
בעזאנגען זיך הערן
אָף צענדליגע שפראכן די לידער
נאָר מיט איין פייער אלע אויגן בלאנצן
צוזאמען מיט ליבע טאנצן
ליילעכע שוועסטער און ברידער.

די שאפער און בויער בא שווערע מאשינען
וואָס שמידן און שמעלצן וועבן און שפינען
און האָבן די זאטיקע פעלדער צעאקערט,
א שיינער בוקעט פילפארביקע בלומען
מיט גאָלדענעם בארטל ארומגענומען
פון מאיקער זון, צעצונדן צעפלאקערט.

די ווענט פון גרויסן טעאטער
א פאָנען געפלאטער
ליכט אין שטראָמען זיך כוואליען,
צוויי שיינע פאטרעטן
די קעפ פון סאָוועטן
די ערלאכע, לענין און סטאלין.

עס דערט דאָס מעכטיקע וואָרט פון ווענט
ווי א ליכטיק פלאם וואָס ברענט
פון די פונדאמענטן ביז דאך ,
און ( באלשאצאר ) לייענט מיט שרעק
דעם אָנזאָג : פאר די פרייע טעג
אף פארשידענע שפראכן אסאך .

אף רויטן סקווער
מאכנעס מיט געווער
די מעכטיקע רויטע ארמיי ,
א ריזיקע וואנט
די באשיצער פון לאנד
און די פירער, אף לעניגס מאוזאָליי .

9, דער זייגער ביט דעם סיגנאל
מיט צענדליגער אָרקעסטערס –
דעם אינטערנאציאָנאל
פון מיליאָניקן סאלוט ! –
עס טרייסלט זיך די ערד ,
ס'פליען גאלאָפירן
די צוויי ליבע קאָמאדירן
וואָראָשילאָוו, און בודיאָני, –
אף פייערדיקע פערד .

עס ווינט זיך מענטשן יאם
א שאָרך עס הערט זיך קאָם
ווי א שטילער ווינטל, איבער רייפע זאנגען,
עס שווערן יונגע קאָמאנדירן
קעגן פיינים קריג צו פירן
וואָס וועלן קריג פארלאנגען .

כאװער סטאלין אין דער מיט
װי א פעסטונג פון גראניט
אין זײַנע אױגן ליבע גליט ,
פון בײדע זײַטן אלע פירער
מיט פרײד באגריסן די מארשירער
קרעפטיק, ריטמיש , קלאפן טריט .

מאכנעס,מאכנעס, גײען,גײען
דיװיזיעס, פאלקן,רױט ארמײען
ביקסן, טאנקען, און קאנאנען ,
אין די הױכן רױשן ברומען
שטאלצע אדלערס פליען קומען
עראפלאנען, גאנצע עסקאדראנען .

ס'ציט זיך ארבעטער ארמײ
פון געפלאטער איבער זײ
גליק און פרײד אין אלע בליקן ,
טריט פון ארבעט זיכער פעסט
אינעם שלאגלערשן פארמעסט
אין זאװאדן און פאבריקן .

װידער מאכנעס שטראמען שטראמען
אנגעשטעלטע אין די קראמען
און װאס דינען אין קאנטארן ,
ס'מארשירן כארן מיט דיריגענטן
פון די שולן די סטודענטן
מיט לערערס און פראפעסארן .

אף קופאלן און בוימער-שפיצן
וואַרפט די זון די לעצטע בליצן
אין טיפן הימל פינקלען שטערן ,
מיט יוגנטס-פרייד געלעכטער
פון די יונגע זין און טעכטער
קען דאָס האַרץ גאָר זאַט ניט ווערן .

איך וועט בלייבן אין זיקאָרן
אף אלע מיינע יאָרן
אַ,איר שיינע ליבע טעג ,
ערשטער מאַי און צווייטער דריטער
אין מיין האַרץ דעם זיסן ציטער
נעם איך מיט אין וועג .

אָ ליכטיק לאַנד אַלמע-גלאַכע
אין לעבנס-שוואונג באַוועגלאַכע
איך בין באַ דיין רייכן טיש געזעסן ,
מיט דיינע קינדער באַנאַנד
געאַרבעט האַנט אין האַנט
און צוזאַמען ברויט געגעסן .

ביים אָפּ די לעצטע ליבע גרעניצן טיר
איך געזעגן זיך מיט דיר
און ווינטש דיר זיכערקייט און גליק ,
ס'טראָגט די באַן מיט איילנדיקע שנעל
ס'איז מיין טרייסט אז צו שוועל –
קומען כ'וועל צוריק .

## ХАРАКТЕРИСТИКА

о работе тов. КЕРИША на 25-м Д/О заводе " УКРДРЕВ ".-

Прибыл тов. КЕРИШ 22/XII- 1931 года. За время пребывания тов. КЕРИША у нас на заводе он ввел в жизнь нижеследующие мероприятия.

I. Разборные столы.-

Данное мероприятие дало возможность с"экономить железнодорожный транспорт 269 вагонов, так как целые столы вмещались в вагон 44 штуки, а разборные 170 штук, что составляет - 67.250 рублей, кроме того предприятие получило экономии на внутризаводский транспорт, лесоматериал, клея и рабсиле на сумму - 5.200 руб

Для быстрейшего внедрения разборных столов тов. КЕРИШЕМ изготовлен специальный патрон для завинчивания глухарей к ножкам стола.

2. Приспособление к циркулярному станку для вырезок разных шпунтов посредством пауков и 2-х пилок шириной шпунтов до 100 м/м.-

Данное мероприятие ускоряет на много работу и улучшает качес во продукции.

3. Механизация токарного станка для выработки колышек и палок к шкафам.-

Данное мероприятие увеличивает производительность в 8 раз, что составляет экономию в сумме - 2.000 рул.-

4. Изготовление ленточного шлифовального станка.-

Станок уже изготовленный и передан уже в эксплуатацию.- Задача данного станка ликвидировать ручной труд, который занимает большое место в нашем производстве.-

5. Изготовление ролика для обрезки кромок фанеры в ножках обеденного стола.-

Данное мероприятие на много улучшило правильность образания фанеры и увеличило производительность. Денежная экономия дает в сумме - 300 рулей.-

6. Просечка для соединения ленточного шлифера путем замков.-

Данное мероприятие дает возможность правильно склеивать шлифер, так как последний при соединении получается гладкий, что способствует к правильной работе и продолжительность службы шлифера увеличивается.-

7. Приспособления для фанеровки ножек к обеденным столам.-

Данное мероприятие надохится в стадии выполнения, по предварительным подсчетам оно должно увеличить производительность примерно на 50%. Экономического эфекта еще не подсчитано.-

8. Приспособление для палировки мебели.-

Данное мероприятие находится в стадии выполнения.- Сейчас судить об экономическом эфекте затрудняется.-

9. Изготовление сверла для конусных дыр по заказу $Ц^2$.

Данное мероприятие улучшает на много качество и облегчает -условие труда.-

IO. Перекоструирование стола для торцевки.-

Данное мероприятие дало возможность уменьшить выпуск браковых изделий и на много облегчило условия труда.-

Все вышеуказанные работы т.е. пункты I,2,3,4,5,6,9 и IO выполнены и эксплуатируются на нашем заводе.-

Тов. КЕРИШ лично руководил изготовлением всех вышеуказанных ра мероприятий и в большей мере сам их изготовлял.

В работе тов. КЕРИШ показал себя как хороший ударник не щадя ни сил ни энергии.

За время работы тов. КЕРИША он стремился передавать свой большой опыт приобретенный за границей нашим специалистам и рабочим.

В настоящее время тов. КЕРИШ работает на целый ряд мероприятий которые дадут не мало пользы, как нашему заводу, а также родственных нам предприятий, так как все его мероприятия передаются в картотеку "С О" для распространения.-

Зав. Отделом Рационализации /Писаревский/

"УКРДРЕВ"

Об'єднання

Управління

20/XII 2н

№ ПВ-55-20-8

Тов. КЕРИШУ

Согласно наших переговоров с Вами просим ускорить высылку интересующих нас прейскурантов на деревообделочные станки. Одновременно просим Вас выяснить на заводах о возможности приобретения нужного нам оборудования сообщить нам характеристику его, условия покупки, по возможности фотоснимки или чертежи, что даст нам возможность возбудить ходотайство о покупке такового.-

ТЕХ.ДИРЕКТОР 25 Д/О ЗАВОДА "УКРМЕБЕЛИ" /БУДНЕН/

/МАЙЗЕЛЬ/



11. Механическая отвертка для завинчивания шурупов в дощечки к стульям

12. Целый ряд мелких фаз шлифовки

ЗАВ. ОТД. РАЦИОНАЛИЗАЦ.

## [illegible]

**איבערזעצט פון רוסיש , אונטער דעם אויפזיכט פון דיכטער כ׳וועך כיים שווארץ .**

ווענן דער ארבעט פון כאווער קעריש , אויפן 25 טן האָלץ-ארבעט זאוואָד " אוקאָר האָלץ .

פאר דער צייט פון כאווער קערישעס זיין בא אונז אויפן זאוואָד , האָט ער אריינגעבראכט אין לעבן די פאָלגנדע אויס-בעסערונגען .

1 ) א צעגומטענעם טיש .
די דאָזיקע אויסבעסערונג גיט אונז די מעגלאכקייט צו פאַר-קלענערן די קאָסטן פון טראנספּאָרטאציע אויפן באן , אף 269 וואגאָנען . אזוי אז די גאנצע טישן זיינען אריינגעגאנגען בלויז 44 אין א וואגאָן , און די צעגומענע טישן גייען אריין 170 שטיק אין א וואגאָן . וואָס דאָס פארקלענערט די קאָסטן אף 67.250 רובלען . און אויסער דעם וואָס די אויס-בעסערונג האָט געבראכט א פארקלענערונג פון די טראנספּאָר-טאציע קאָסטן פארן זאוואָד , איז אויך א פארקלענערונג פון די קאָסטן פון האָלץ מאַטריאַלן , קליי , און ארבעט-קראפט אף דער סומע פון 5.200 רובלען . פארן פארשנעלערן דעם צוזאמענשטעלן די צעגומענע טישן , האָט כאווער קעריש פאר-פארטיקט א ספּעציעלע שטיקל געציי֞ג אריינצודרייען די שרויפן אין די פיס פאר די טישן .

2 ) א-צוגאָב מיטל צו דער רונדער שנייב מאשין צו מאכן פארשיידענע גרויזן ( שפּונטן ) מיט דער הילף פון מעסערס און צווי זעגן . וואָס דאָס מאכט גרויזן ביז 100 מילימעטער די אויסבעסערונג פארשנעלערט אסאך די ארבעט , און פאר-בעסערט די קוואליטעט פון דער פּראָדוקציע .

3 ) מעכאניזירונג פון א טאָקארנעם ווארשטאט פאר די אויס-ארבעטונג די היינגער פלעקלאך , און אויך די רונדע שטאנ-גען פאר די קליידער שאפעס .

די דאָזיקע אויסבעסערונג פארגרעסערט די אויסארבעטונג
אף 8 מאל , וואָס דאָס שפאָרט איין די קאָסטן אף דער סומע
פון 2.000 רובלען .

4 ) די פארפארטיקונג פון א באנד- שליפ-מאשין .

די מאשין איז שוין פארטיק און איבערגעגעבן אין דער
ארבעט , די אויפגאבע פון דער מאשין איז, צו באזייטיקן
האנט ארבעט, און זי פארנעמט זייער א גרויסן אָרט אין
אונזער אויסארבעטונג .

5 ) די פארפארטיקונג פון א שנייד-רעדל צו באשניידן די
ברעגן פון דעם פאניר פון די פיס פארן עס-טיש .

די דאָזיקע אויסבעסערונג פארבעסערט אף אסאך די ארבעט
פון באשניידן דעם פאניר, און פארגרעסערט די אויסארבע-
טונג , די עקאָנאָמעזירונג פון געלט באטרעפט די סומע
פון 600 רובלען .

6 ) א שטיקל געציי צו פאראייניקן די ברעגן פון דעם פאס
זאמד פאפיר , מיט דעם מיטל פון שלעסער .

די דאָזיקע אויסבעסערונג גיט די מעגלאכקייט ריכטיק צו
פארקלייען דעם שליפ-פאפיר , אזוי אז דער צוזאמענקלייען
באקומט זיך א גלאטער , און גיט ריכטיקע גוטע ארבעט,
און פארלענגערט דאָס דינסט פון דעם שליפ-פאפיר .

7 ) א אויסגעבעסערטע געציי צו פאנירן די פיס פאר די
טישן .

דער געגעבענער געציי געפינט זיך נאָך אין דער סטאדיע
פון פארפולקאָמענען, לויט דער אויסרעכענונג פון דער
ארבעט ביז איצט, דארף דאָס פארגרעסערן די אויסארבעטונג
אף ארום 50 פראָצענט, דער עקאָנאָמישער באטרעף וויפיל געלט

דאָס װעט אײנברײנגען איז נאָך ניט אויסגערעכנט .

8 ) א אויסגעבעסערטע געצײג פאר פּאָליסורן מעבל .

דער געגעבענער געצײג געפינט זיך נאָך אין דער סטאַדיע פון דורכפירונג , איצט צו אורטײלן װעגן דעם עקאָנאָמישן באטרעף װיפיל געלט דאָס װעט אײנברײנגען, איז נאָך שװער.

9 ) די פארפארטיקונג פון בויער ( דריל ) פאר אויסבויערן ספּעציעלע װינקל לעכער לויטן באשטעלונג פון צ.2.

די דאָזיגע אויסבעסערונג פון געצײג , פארבעסערט אָף אסאך די קװאליטעט , און פארגרינגערט די באדינגונגען פון דער ארבעט .

10 ) דאָס איבערבויאונג פון נײענדיקן טיש פאר דער בא-שנײד מאשין .

די דאָזיקע אויסבעסערונג גיט א מעגלאכקײט צו פארקלענערן דעם פארלוסט פון אָפּפאל פון מאטעריאל , און פארגרינגערט אָף אסאך די באדינגונגען פון דער ארבעט .

אלע אויבן דערמאָנטע ארבעטן װי די פונקטן 1 2 3 4 5 6 9 און 10 זײנען שוין פארפולקאָמט און ארבעטן שוין אָף אונזער זאװאָד .

כאװער קעריש האָט פּערזענליך אָנגעפירט מיט דער ארבעט צו פארפארטיקן אלע אויבן אָנגעװיזענע דערפינדונגען און אויסבעסערונגען , און צום גרעסטן טײל אלײן געמאכט און אויסגעפילט .

אין דער ארבעט האָט זיך כאװער קעריש באװיזן װי א גוטער שלאָסער, ניט געשפּאָרט קײן קויאך ,און קײן ענער-גיע .

פאר דער צייט פון דער ארבעט פון כאווער קערישן, האָט ער געשטרעבט איבערצוגעבן זיינע גרויסע דערפארונגען וואָס ער האָט בעקראָגן אין אויסלאנד, צו אונזערע ספעציאליסטן און אויך צו די ארבעטער.

און איצט ארבעט כאווער קעריש אף א גאנצע ריי נייע דערפינדונגען און אויסבעסערונגען, וועלכע וועלן אונז געבן גיט ווינק נוצן בא אונז אויפן זאוואָד. און אויך פאר דער גאנצער אינדוסטרי אין אלגעמיין, אזוי אז אלע זיינע דערפינדונגען און אויסבעסערונגען וועלן איבערגעגעבן פאר דער פארשפרייטונג צום "קארטאָטעקן"

פארן אָפטייל פון ראציאָנאלע דערפינדונגען און אויבעסערונגען פארן זאוואָד.
דער נאטשאלניק, כאווער פיסארעפסקי.

( ארבעט פון די לעצטע פאָר טעג )

11 ) א מעכאנישער שרויפן-ציער, צו צעשרויפן די זיין-ברעטלאך צו די שטולן.

12 ) א גאנצע ריי קלענערע אויסבעסערונגען וואָס וועלן אין גיכן פארפארטיקט ווערן.

זאוואָדישער טָפטייל פאר ראציאָנאליזאציע,
כאווער פיסארעפסקי.

## אינסטרוקציעס פון דער דירעקציע .

כאווער קעריש !

איינשטימיק לזיט אונזער אפמאך מיט אייך : בעטן מיר אייך צו פארשנעלערן דאס ארויסשיקן די אינטערעסאנטע פאר אונז פרייז-ליסן אף האלץ ארבעטנדיקע מאשינעס . און אין דער זעלבער צייט בעטן מיר אייך צו דערקלערן אף די פאבריקן וועגן דער מעגלאכקייט צו באקומען די נויטיקע פאר אונז אויסשטאטונגען . לזט אונז וויסן דעם כאראקטער פון דעם , און די באדינגונגען פון איינקויפן זיי, מיט דער מעגלאכקייט פון פאטאגראפיעס אדער צייכענונגען . וואס וועט אונז געבן די מעגלאכקייט אנצופאנגען פארהאנדלונגען וועגן איינקויפן מאשינען .

טעכנישער דירעקטאר פון דעם 25 טן זאוואד
אוקאר מעבל ,
כאווער בורנען .
כאווער מייזל .

געשטעמפלט מיט די שטעמפלען
פון זאוואד , און דער דירעקציע

## אף מײן װעג אַ הײם

ליטע און פױלן
פ׳דוכט זיך זײ פױל׳ן
װאקזאלן מיט טױטקײט באגאָסן ,
רוקנס געבױגן
שרעק אין די אױגן
הערצער און ליפּן פארשלאָסן .

אין דײטשלאנד ניט בעסער
דער קריזיס נאָך גרעסער
בלױז האסי׳ער כשאד אין די בלימן ,
װי מאצײװעס עס שטײען
רײען נאָך רײען
שמילע און פּוסטע פאבריקן .

נאָך טעג און נעכט פון שיף געװיג
בין איך װידער שױן צוריק
אין מײן הײם געקומען ,
ס׳האָט מײן ליבע הױזגעזינד
באַבעלע מײן ליבסטער קינד
מײן הארץ ארומגענומען .

דאָך , בענקשאפט װאָסט
דאָס הארץ עס פּרעסט
די ארבעט װערט א לאסט ,
און יעדער שאָ
פון דאָרט ביז דאָ
צעװאקסט זיך דער קאָנטראסט .

װער קען האָבן א באַגריף
די פרייד, קרינגנדיק פון דאָרט א בריװ
פון די פירער פון פאַבריק ,
כ'פיל איך בין פון ל״א צװײג
און א קאַסטן מיט געצײג
האָב איך זײ געשיקט .

דער לעבן גײט זײן גאַנג
און טײלט אײן יעדן זײן געשאַנק
אונזער שײנער פאָדים ,—
זיך װײטער שפּינט ,
ס'האָט לאַנג ניט גענומען
און עס איז געקומען
יזרעסקע, אונזער זיסע קינד .

זײדע באָבע װערן יונג
אין ראָד פון לעבנס — ש//אונג
צוריק זיך אײנגעגלידערט ,
מיט מײן קלאַס איך אַרבעט װידער
פול מיט טעטיקײט און לידער
פאַרשװעסטערט און פאַרברידערט .

כאַשע, מוזיק לערער אין די שולן
די מאַמע, אַלע קװאַטאָס צו פאַרפולן
די גרעסטע שלאָגלערן אין שטאָט ,
נײטן, אין כאָר א באַס געװאָרן
לערער אין די קלובן כאָרן
ס'איז אַרבעט אַרבעט דער געבאָט .

און די שײנע קלאַנגען
פון די קינדערשע געזאַנגען
דיריגירט פון כאַשעס האַנט ,
איז קײן נױאָרק אָנגעקומען
און מען האָט איר אױפגענומען
אלס דיריגענט אין קינדערלאַנד .

און אונטער שיפערס פליגל
איר צוקונפט װערט פאַרזיגלט
ס'גײט אױף פאַר אונז א ליכטיק שטראַל ,
זי האָט אױסגעקליבן
פאַר אונז א זון א ליבן
אונזער ליבן סאל .

ס'איז אונזער גײטן װי פײל פון בױגן
אין זוניק לאַנד אװעק געפלױגן
און א בלום פון קאַליפאָרניער בלומען –
אין זײן האַרצן אײנגעפלאַנצט
מישפּאָכע קײטעלע פאַרגאַנצט
מיט איר צו אונז געקומען .

ס'זינגט דער לעבן אונז א ניגן
מיט נײער פרײד און פאַרגעניגן
מיט פרײד דאָס האַרץ איז אָנגעפילט ,
ס'האָט אונזער ליבע טאָכטער בעלאַ
אף דער פּיאַנאָ און דער טשעלאָ
פאַר אונזער קלאַס געשפּילט .

דעם פארגעניגן ניט לאנג געהאט
צו קאלט געווען אין דער קלימאט
אין די ווינטערדיקע טעג ,
און ביידע פויגלען יונגע
אף פליגלען פלינקע גרינגע
אין קאליפארניע צוריק אוועק .

ס'האט צעצויגן זיך די קייט
אין דער לענג און אין דער ברייט
איבער ווייטע חענן ,
עס טראגן עראפלאנען
בריוועלאך צו טאטע מאמען
פון ווייטע וואסער ברעגן .

ס'קומט א נייער זינעלע
אונזער זיסער ווינעלע
ס'קען דאס אויג אים ניט דערלאנגען,
די הערצער רוען ניט
ווינעלע אונז ציט –
צו זיך , מיט טויזנט צוואנגען .

אוועק איז מער ווי א יארעלע
און ס'איז געקומען קערעלע
ס'האבן באבע זיידע זיך צעהוליעט ,
די ערשטע באס גענומען
צום אטלאנטיק ברעג געקומען
אין אונזערע ארעמס, קערעלען געהוליעט .

מיט פרייד די הערצער אָנגעפילט
די ביינקשאפט פאר א ווייל געשטילט
אָבער ניט אף לאנג ,
ס'האָט די ביינקשאפט זיך צעברענט
און פארלעשן ניט געקענט
צו זען די קינדער דעם פארלאנג .

ניט לאנג געטראכט ניט לאנג געקלערט
צו פאקן זיך באשלאָסן ווערט
אין זוניק לאנד צו פאָרן ,
פרייד געזאנג אין הערצער זינגען
הייסע קושן שטארקע קלינגען
ס'איז שיינער כאָלעם וואָר געוואָרן .

און די באָבע מיטן זיידן
שווימען אין א יאם פון פריידן
ס'איז יעדער טאָג ,
מיט זוניק גאָלד באשפריצט ,
נאָר די ערנסטע פראָבלעמען
אף צום לעבן וואו צו נעמען
שטייט די פראגע איצט .

ס'קלערן קינדער טאָג און נאכט
און מען האָט זיך דאָך דערטראכט
גענוק פאר מיר מאשין פאבריק ,
אלע קינדער גיבן געלט
אין א קרעמל זיך געשטעלט
מיט מאזל און מיט גליק .

ס'האָט פון האנדל מאזל בראָכע
ניט געחאוסט אונזער מישפּאָכע
און דער גליק איז שנעל צערונען ,
און לאנגע לאנגע וואָכן
אין פאבריקן אומגעקראָכן
און ארבעט דאך געקראָגן .

א באָס „ א כאחער ” חיי און ווינד
קאָם טרוקן ברויט בא אים פארדינט
ס'האָט זיך סכויר , —
אין שיינע פעדערן געצירט ,
אונזער יוניאָן ניט אנערקענט
אין זיין שאפ די ארבעט הענט
שרעקלאך עקספלאטירט .

איך האָב געווינלאך ניט געשוויגן
וואָס אים קומט האָט ער געקראָגן
די שיינע פעדערן ארומגעפליקט ,
ס'איז נאקעט סכויר אין קאם געוואָרן
און אין גרויסן:צאָרן
מיך פון שאפ אוועקגעשיקט .

דער יוניאָן ביזנעס אגענט
דערקלערט: אז פאר אלטע הענט
איז ניטאָ קיין סאך באלאָנים ,
ער זאָגט מיר אָפן הערציג .
אז ארבעטער אריבער פערציק
דארפן לעבן אף אָפגעשפּאָרטע מעזומאָנים .

ביזנעס אגענט רעדט מיט שמייכל
זיין ציגאר קנוילט מיט רויכל
בלויע רינגען אין דער לופטן ,
יעדער וואָרט פון זאטן הויל
טרעפט ווי א הייסער קויל
דעם ארבעטס-לאָזן שווער געפרואווטן .

אויפגעשטאנען פון דער נאכט
ס'בלענד און ווארימט זונען פראכט
צו געוויסע פלעצער אלע לויפן ,
און איך, וואנדער וואנדער אָן א ענד
און טראָג פארשעמטע הענט
ערגעץ וואו פארקויפן .

כ'הער דאָס רוישן פון מאשינען
כ'זע מענטשן טעטיקע ווי בינען
דורך טיר און טויערן. צעפראלט ,
און איך קלאפּ טיר נאָך טיר
אז איך וואנדער דוכט זיך מיר
איינזאם אין א וואלד .

אויפן הארצן שווער עס איז
מידע פלאָנטערן די פיס —
צום ליבן היימיש ווארעם נעסט ,
מיין ליבע כאווערטע זי שפאסט
נעמט אראָפּ פון הארץ די לאסט
וואָס האָט דעם גאנצן טאָג געפרעסט .

די זיסע קינדער קומען באלד
װאָס מיר אומעט, װאו מיר װאלד ?
געפיל פון איינזאמקייט פארשװינד ,
בעלא נייטן װינעלע
ראנעלע, מײן ניי געבוירן זינעלע
א קװאל מיט פרייד אין יעדער קינד .

ס'האָט א כאװער און פריינט
אויפן טעלעפאָן געגרופן היינט
ס'איז דאָ פאר אונז א גוטער פלאן,
א רואיקע אכנאָסע ( איינקונפט )
א זיכערע פארנאָסע
צום קויפן אין פאראן .

ניט געקלערט און ניט געטראכט
און דעם האנדל באלד געמאכט
האָפענונג צעשיינט זיך העל ,
מיט א קליינע סומע געלט
האָבן זיי אונז איינגעשטעלט
אין א פארטיקן האָטעל .

טירן גומערן , א בינטל מיט שליסלען
אלטע דאָס מעבל, שטעלאך מיט שיסלען
צימערן שטילע פארטיק צום שלאָפן ,
יעדער בעטל א ליידיקע געסט
פון װאנען עס זיינען די געסט .
אף פליגלען אף גרינגע אנטלאָפן .

אין יאָר מײַן כאַװערטע אײַנגעשפּאַנט
מ'פּוצט און ראַמט איר פלינקע האַנט
דורך רײַנע שויבן זונען שטראַלן זינגען,
און מען פילט זיך גליקלאַך.
אַרבעטער מיט גרינגע בעקלאַך
קומען צימערן צו דינגען.

פריילאַכער עס װערן טעג
איך מיט האַמער און דער זעג
צום איבערבויען זיך גענומען,
מײַן כאַװערטע װאַשט און שײַבט
אַרום הויז די ערד זי גראָבט
און פלאַנצט אַ גאָרטן בלומען.

און װען דער כעשבן װײַזט עס פעלט
העלפן קינדערלאַך מיט געלט
טאַטע מאַמען צו באַזאָרגן,
צו פאַרזיכערן מיט ברויט
אַז ניט װיסן פון קײן נויט:
ניט הײַנט, און אויך ניט מאָרגן.

װען איך האָב געלײענט גאָרקיס ביכער
ניט געגלויבט האָב איך אָף זיכער
אין יענע יונגע טעג,
אַ לאַנגע צײַט האָב איך געהאַלטן
אַז ניט עמעס זײַנען די געשטאַלטן
פון גאָרקיס " אױפן דעק"

הויז

ס'איז אונזער דער דעך בעוועו.
גארקיס העלדן אסאך געזען
שמוץ און שיקרעס, פארפעסטן אונז די לופט,
נים-געקענט אריבערטראָגן
ס'העלפט קיין ריידן און קיין זאָגן
אלע מיטלען אויסגעפרואווט.

פול דאָס הארץ איז מיט יסורים
פון די שכיינים די שיקורים
ס'האָט דאָס הארץ, נאָך ריינלאכקייט געבייַנקט,
און פון צאר און צאָרן
בין איך קראנק געוואָרן
און כאדאָשים אָפּגעקריינקט.

מיין כאווערטע איין שפאן
באם הויז, און קראנקן מאן
מיט אירע שוואכע פיס. זי לויפט,
נאָר ס'האָט דאָך א סאָף גענומען
א קויפער איז געקומען
און האָט אלעס אָפּגעקויפט.

און גוט נאָך אָפּגעשניטן
קיין פארלוסטן נים געליטן
קיין גראָשן נים פארלאָרן,
מיר זיינען אף דאָס ניי
ווידער פריילאך פריי
פונקט ווי ניי געבוירן.

ס׳האָט ניט לאנג גענומען
צו די קויכעס צוריק געקומען
ס׳עפנט זיך א נייע וועלט,
ס׳האָט די יוניאָן סי אי אָ
אין א גוטער שאָ.
צו דער ארבעט מיך געשטעלט.

און דערפילט [illegible] דער יונג
אריין צוריק אין שוואונג
מיט לידער און געזאנג,
ס׳האָט מיין כאווערטע גענומען שטריקן
סוועטערס, זאָקן, אָף צו שיקן
די פרייהייט קעמפערס א געשאנק.

און ווען עס האָט פאשיסטישע יאפאן
מיט רויב און מאָרד געטאָן א שפאן
אָף אונזער לאנד מיט בלוטיק קריג,
איז אין די שווערע טעג
מיין כאווערטע אוועק
ארבעטן אין א פאבריק.

און יעדן אין דער פרי
צו ארבעט און צו מי
ביידע גלייך מיר גייען,
ס׳ברייננט דער אָוונט אונז צוריק
פון דער ארבעט אין פאבריק
מיר, פון הובלען זעגן
און איר, פון קליידער נייען.

איך העלף מיט זעג און הובל
פאר די שיפן מאכן מעבל
דעם רוף פון דער צײט באגריפן,
די מאמע נײט קלײדער פאר די זעלנער
דער זון טוט אויס דעם װײסן קאָלנער
און ארבעט שוין באם בויען שיפן .

קײנער טראכט איצט ניט פון רו
מיר טראָגן אונזער כײלעק צו
מיט ליבע און מיט שטאָלץ ,
צו פארטײדיקן אונזער לאנד
אין פארנומען יעדער האנט
בא אײזן, שטאָל, און האָלץ .

ס'קומט א נײע בשורה
ס'דערצײלט אונז יעדער שורה ·
אין א בריװ װאָס קומט אונז אָן,
אז אונזער קינד, דער טאַטער סאָל
שטײט אין דינסט שוין פארן קלאל
אונטער אונזער שטאָלצער פאָן .

הויז און אָפּיס אויפגעגעבן ·
א סטאָף צום רוהיק זאטן לעבן
ס'איז ניט די צײט פאר דעם אצונד ,
ס'קומען קעמפער פון די שלאכטן
ס'מוז דער דאָקטער גלײך באטראכטן
יעדן ריס, און יעדן װאונד .

דער טאטע, א סאָלדאט
ווײַב און קינד איז נאוועגאד
ס'פאלט די זיכערע נעסט פאנאנדער ,
מיט דאָס צווייטע אָף דער צייט
דארף זיך לאָזן אין דער ווייט
אין אומבאשטימטן וואנדער .

ס'פרעגט איצט קערעלע מאמע וואו ?
איז גרייט פאר אונז די רו ?
היימען זיינען דאָ אסך ,
פארוואָס איז טאטע שוין אוועק ?
וואוהין וועט פירן אונז דער וועג
צו וועלכער היים, צו וועלכן דאך ? .

( וויג ליד )

לייג דיין קעפעלע אף מיין ברוסט
דער ענטפער איז נאָך ניט באוואוסט
נאָר זיכער קומען וועט די רו ,
ניט זאָרג ניט פרעג מיין פויגעלע
פארמאך די בלויע אויגעלאך
שלאָף איין רוהיק ליו,ליו, .

ווען איך בין געווען אין דיינע יאָרן
איז אויך מיין טאטע אוועק געפאָרן
איך האָב געפרעגט מיין מאמען פונקט ווי דו ,
זי האָט אייכעט ניט געוואוסט
מיך געטוליעט צו איר ברוסט
און געהייסן שלאָפן, ליו,ליו,ליו, .

מיין קליינע שוועסטערל לאהלע
האָט געשאָקלט שטאַרק איר וויגעלע
נאָר צום טיר זי קוקט זיך צו ,
ס'רופן אירע ליפעלאך זיס און צאַרט
אויפן טאַטן אַלץ געוואַרט
ער זאָל איר זינגען ליו, ליו, ליו .

דער גוטער טאַטע ניט פאַרגעסט
און גרייט צו פאַר אונז ס' נעסט
פאַר זיכערקייט און רו ,
נאָך טעג און נעכט פון שיף געוויג
אין טאַטנס אָרעמס שוין צוריק
און ער זינגט אונז : ליו, ליו, ליו .

עס שטורעמט איצט א בייזער ווינט
עס וואָיען וועלף און הינט
פרייד און גליק זיי נעמען צו ,
זיי פאַרצוקן לענדער שטעט
ס'שטייט אין פלאַמען הויז און בעט
דאָרט זינגט ניט מאַמע , ליו, ליו, ליו .

וואָלף און הונט אין זיין געיעג
האָט דערגרייכט שוין אונזער בריג
אין פוירל האַרבאָר ערגעץ וואו ,
נאָר שאַרף און שטאַרק איז אונזער געווער
קומען וועט ער ניט אַהער
שלאָף איין רוהיק, ליו, ליו, ליו .

ס'מאַרשירן קעמפער איצט אַהין
טאַטעס ברידער בראַווע זין
און דיין טאַטע אויך מיט זיי
פֿר וועט היילן שטאַרקן מידע גלידער
פון העלדן טאַטעס זין און ברידער
פון אונזער העלדישער אַרמיי .

פאַרניכטעט וועט דער פֿיינט ווערן
ס'וועט שוין קיינער מער ניט שטערן
אונזער גליק און אונזער רו ,
און מיט פרייד פון אונזער זיג
וועט דיין טאַטע קומען צוריק
צו זיין הארצן טוליען דיר —
און זינגען ליו,ליו,ליו,

ווי א בלום צווישן בלומען
א צווייטע קינדעלע וועט קומען
א ברודערל,אָדער א שוועסטערל ווי דו ,
מיט פרייד און פאַרגעניגן
וועסטו צום שלאָפן דאָס פאַרוויגן
און זינגען ליו,ליו,ליו, .

קומען וועט די גנטע שאָ
דיין ליבע באָבע וועט זיין דאָ
וואו נאָר זיין וועט אונזער רו ,
אף מאַמע פליגלען וועט זי פליען
צו איר הארצן וועט זי טוליען—
און וועט איך זינגען ליו,ליו,ליו, .

װען די צײט װעט אונז באַגליקן
און מען װעט דעם טאַטן שיקן
באַם קאַליפאָרניער מיזראך ברעג ,
אין דעם זוניקן גאַנײדן
צו דער באָבען מיטן זײדן
פאָרן מיר אַװעק .

פרײ פון שנײען פרײ פון פרעסט
װאַרט פאַר אונז אַ ליבע נעסט
ליבע הערצער פלאַמיק הײס ,
פעטערס מומעס שװעסטערקינדער
גרײט אױז יעדערער באַזונדער
מיט זײן אָרעם מיט זײן שעים .

צו ליבע הערצער אונז צו דריקן
מיט הײסע קושן אונז דערקװיקן
דער זײדע גרײט שױן לידער צו
ער גאַרט אונז גיכער שױן צו קריגן
אין זײנע אָרעמס דיר פאַרװיגן
צו דײן דרימל, ליו,ליו,ליו, .

לײג דײן קעפּעלע אף מײן ברוסט
ס'איז דיר אַלץ שױן איצט באַװאוסט
קומען װעט די פרײד און רו ,
ליכטיק װערן װעט דער הימל
שלאָף אײן מײן קינד אין זיסן דרימל
מיט באַלױמעס שײנע , ליו,ליו,ליו, .

## טעג ווי פונקען .

ניינציק טעג ווי הייסע פונקען
דורכגעלאפן בליציק בלענדיק .
אין פארגאנגענהייט פארזונקען
אין דעם נעכטן גרויסן שטענדיק .

טעג ווי פונקען בליצן
מיט נעמען איינגעטיילט אין זיבן ,
אין זיקערן איינצוקריצן
זיי אין קאלענדאר פארשריבן .

פארעכנט און געציילט
פארשריבן פינקטלעך אין געטערן ,
אין טשבן ,פארטשיט,איינגעטיילט
און עס צעלטן זיך די יארן .

יעדער טאג צעטיילט אף שטונדן
און אף פינקטלעך צעברעקלט ,
אף מינוטן און סעקונדן
יעדער שאָ דער זייגער גלעקלט .

ס'האט יעדער טאג זיין נעכטן
יעדער טאג מיט זיינע זארגן ,
נייע שלאכטן און געפעכטן
פארן קומענדיקן מארגן .

א טאג פון פרייד און שטרעבן
און אייכטע פון געוויין ,
א געבורטסטאג פארן לעבן
א יארצייט פון פארגיין .

טעג פארהעלקנטע אן שייר
און צעליכטיקטע אין פראכט ,
אפן רונדיקן שפאציר
מיט באגלייטערן די נאכט .

טעג באַרוישנדיק ווי ווײַן
באַם פֿרײלאַכן באַגעגענען ,
און אויך געקלאַמערטע אין פּײַן
באַם פֿײַנלאַכן געזעגענען .

2

ווי אַ מיל דאָס לעבן דרייט זיך
צעמאָלט די לעבנס און די טעג ,
און פֿיבערדיק אַ מאַמע גרייט זיך
צו קינדערלאַך אין וועג .

ניינציק טעג ווי רעגנבויגן
געשטעמפּלט מיט פֿילפֿאַרבנדיקן זיגל ,
אין זיי שנעל אַוועק געפֿלויגן
אַף די פֿלינקע מאַמע פֿליגל .

ס'האָט מאַמעס האַרץ שטאַרק געהאַמערט
אין ברויזנדיקן באַן געפֿליי ,
אין שיקאַגאָ ,אין ליבע אָרעמס איינגעקלאַמערט
זונטיק אין דערפֿרי .

מיט שטראַלנדע געזיכטער
אין די אָרעמס איר געהאַלטן ,
אָ וואו נעמט מען אָט דעם דיכטער
צו באַשרייבן די געשטאַלטן .

אין הויז די טירן שוין צעפּראַלט
ס'פֿליען אײַניקלאַך ווי שיינע בלומען ,
פֿ'הערט אַ סימכע אַ געוואַלד
די באָבע איז געקומען .

פֿאַרגינטיגט און באַצאָלט
פֿאַרן לעבן שווער פֿאַריאָגטן ,
וואָס מיר ברילִיאַנטן וואָס מיר גאָלד
קעגן צאַרטע הענטעלאַך—
אַרום באָבעס האַלדז פֿאַרפֿלאָכטן .

אין הארץ א שטורעם פרייד און שרעק
איז ווי א פייל פון בויגן,
שוין מאמע אויפן וועג
צו כאשעלען געפלויגן.

אף איר פנים נאר איין קוק
ווייס שוין באלד א יעדער,
אז נים גיך גענוג
קייקלען זיך די רעדער.

פאט שטיים די מאמע שוין באם בעט
און וואנדער איבער וואנדער,
הייסער קוש און מאמע גלעט
און ווייען ווערן $$$$$$$$ לינדער.

צענויפגעשמאלצן הערצער זיינען
באך צו באך געטוליעט,
דאס נייע לעבן וויל דערשיינען
און שטורעמדיג געהוליעט.

מיט שווייס באדעקט אין כאשעס שטערן
א שניידנדיגער ווי,
דאס נייע לעבן לאזט באלד ערן
איר ערשטן קאמף געשריי.

מזל טוב! פריידן טרערן פליסן
בא דער באבען און דער מאמען,
אלעמען צו לאזן וויסן
צעשיקט די באבע טעלעגראמען.

דעצעמבער 19, יאר פערציק צוויי
א מיידעלע געבארן,
זיין זאל זי בא זיי
מיט געזונטע לאנגע יארן.

און עס ציטערן די דראטן
צעטראגן פלאמענדיגע ברכע,
פון ווייטע שטעט און שטאטן.
פון דער גאנצער מישפאכע.

זיסער איינציקל קערעלע
מיט דער באָבען ליפּ צו ליפּ
זיט עס קליינגט איר טערנאָדעלע
באָבע איך האָב דיר ליב .

מאַויל און נאָז דער באַבען
איר אין גליק באַשערט ,
פאַרגעגינען אַפֿאַך צו האָבן
פֿון קערעלעס אַ קאָנצערט .

ס'קייקלט זיך ריין דאָס לידעלע
פֿון אירע ליפּעלאַך אַראָפּ ,
איר שטימעלע אַ פֿידעלע
אַ לעבן איר אין קאָפּ .

מיט זונענשיין צעוואַרעמט
דאָס האַרץ מיט פרייד אין זאַט ,
היים געקושט און שטאַרק געאַרעמט
דעם ליבן טאַטן דעם סאָלדאַט .

דער טאַטע קריגט אַ דירע שוין
אַ באַשיצנדיגן דאַך ,
און ברענגט מיט פרייד אַהיין גרין
דער מאַמען מיט די קינדערלאַך .

דער טאַטע מיט דער מאַמען
מיט די קינדערלאַך אין דער נעסט ,
און עס קומען זיך צוזאַמען
פריינט , באַקאַנטע , ליבע געסט .

נייע טעג מיט נייע וועלטן
ס'גיט דאָס לעבן פריילאַך מונטער ,
קערעלע גיט קאָנצערטן
סימע דווירעלע העלפט איר אונטער .

ס'וואַקסט די פרייד אַלץ גרעסער
קערעלע רופט איר מוזאַנעלע ,
נאָר דעם טאַטן ווילט בעסער
איר צו רופן טאַנעלע .

מען מאַכט קיין פיינעס ניט דערפון
מאַטקים אלע זיינען ,
און ווי די שיינע זון
זאָל זי ליכטן זאָל זי שיינען .

פאַר אַ קורצע צײַט געהאַט דעם גליק
אַלע טאָג צו זען דעם טאַטן,
װײַל פּלוצלונג שיקט מען אים צוריק
ערגעץ װאו אין װײַטע שטאָטן.

דער קאַלענדאַר װײַזט און זאָגט:
אַז אָפּגעצײַלט שױן זײַנען טעג,
אין האַרץ אַ בענקשאַפט נאָגט
די טרער מען װישט אַװעק!.

טעג באַרױשנדיק װי װײַן
באַם פרײַלאַכן באַגעגענען,
און איצט געקלאַמערט אין פּײַן
באַם פּײַנלאַכן געזעגענען.

אַ װוּנטש אין האַרץ, אַ טרער עס בליצט
באַם שײדן זיך געזעגענען,
מיט הערצער גרינגערע די איצט
װידער זיך באַגעגענען.

אַ ליכטע טעג די שײנע פונקען
איך נעם אין האַרץ אָפּטעמענדיג זײַן,
דורשטיגע איך אויסגעטרונקען
די שפּרודלדיגע װײַן.

4

אין בענקענדיגן עלנט
ציען זיך די טעג,
און װידער גרײט זיך שױן די מאַמע
מיט די קינדערלאַך אין װעג.

עס זאָל דעם פּיצעלע ניט שאַטן
אַ זאָרג אין האַרצן פרעסט,
איז אָבער ליבער פון דעם טאַטן
די צײַטװײַליגע געסט.

קערעלע גאַ דער זײַט
טאַנעלע אין טרעט,
פליען װידער שױן מיט פרײד
אין דעם װײַטן דערעט.

זיכערקייט און ליבע רו
האָבן די קינדערלאַך געפונען,
און דער לעבנס פאָדים
האָט זיך שטיל געשפונען.

זייערע קעלבעלאַך ווי פידעלאַך
אין האַרץ אַריינגעדרונגען,
זיסע שיינע לידעלאַך
האָט קערעלע געזונגען.

פאָרן יידן אין א בלאָטע
און דער רעבע עליעמיילאַך,
ס'פאַרקאַשערט זיידע די קאַפּאָטע
מיט דער באָבען טאַנצט ער פריילאַך.

סאַנעלע אין דערמיט
ארום איר א ליבער קרענצל,
שטעמטער מאַמע זינגען א ליד
באָבעס, זיידע כאַפּן א טענצל.

אין דעם גרעסטן פרייד געלאַך
האָט א הייסע טרער געבליצט,
וואו איז פון די קינדערלאַך
דער ליבער טאַטע איצט ?.

ניט איינמאָל פון געלעכטער
פלאַצט אַרויס געוויין,
ס'פרעגט די מאַמע און די טאָכטער
וואו איז איצטער זיין געביין ?.

א בריוועלע א קליינער
טאָט עס קומט אַהער,
מאַכט די געמיטן ריינער
און ווישט אָפּ א טרער.

מיט פרייד די הערצער זאַטע
פון דעם גרוס געבראַכטן,
דערפאָלגן שרייבט דער טאַטע
פון די הייסע שלאַכטן.

ס'איז אונזער פייער דאָ צעצונדן
און ברענט דעם סוינעס פרים,
און איך הייל דאָ די וואונדן
און שטאַרק אַ יעדן גליד.

פון די קעמפער פון די בראַווע
אין דעם גרויסן קריג,
אין נאַטע גריבער און קאַנאַוועס
פאַר אונזער רו און גליק.

מעסט איז אונזער פראָט
באַקראַנצט מיט פולן זיג,
מיר נעמען שטאָט נאָך שטאָט
דער סוינע לויפט צוריק.

די סאָוועטישע גיבורים קאָמפּ
קעמפן איצט מיט ברען,
און מיר די שלאַכט כאַווייריס
האַלטן סוינע איצט אין קלעם.

ס'וועט אונזער זיין דער מאָרגן
נאָכן שווערן קריג,
איר זאָלט זיך גאָרנים זאָרגן
כ'וועל בעשאָלעם קומען צוריק.

פריילאַך ווערט אין אונזער נעסט
די זון זי שמייכלט דורך די שויבן,
יעדער האַרץ נעמט קלאַפּן מעסט
מיט זיכערקייט און גלויבן.

ס'װערט פון טאָג צו טאָג צוביסעלעך
מיט פרייד דאָס לעבן פול ,
טאַנעלע לויפט אַף אירע פיסעלעך
קערעלע גייט אין סקול .

דער זיידע דערציילט געשיכטעלעך
מייסעלאך נאָר פיין ,
מיט שטראַלנדע געזיכטעלאך
הערן זיי זיך איין .

מיט די מייסעלאך דערפאָלג געהאַט
אלע אייניקלאך װילן דאָס הערן
עס צאָלט מיר יודעסקע האָנאָראַר
מיט א הייסן קוש אין שטערן .

די מאַמע צו דער אַרבעט גייט
פאַרדינען פאַר די קינדערטװעגן ,
פאַרנאַכט די קינדערלאך פול פרייד
לויפן איר אַנטקעגן .

נאָר פלוצלונג האָט א טאָג געבראַכט
צו דער װעלט די גוטע בשורה ,
צעשמעטערט האָט שוין אונזער מאַכט
די [illegible] במאורע .

צעשטויבט דעם נאַצי קלאַמער
האָבן סאָװעטישע העלדן-זין ,
און ס'מאַרשירט שוין סערפ און האַמער
אַף די גאַסן פון בערלין .

די װעלט האָט אָפּגעאָטעמט פריי
די פרייד איז גרויס און האַרציג ,
דער טאָג פון זיג דער אַכטער מאַי
אין ניינצן פינף און פערציק .

ס'איז יעדער פּנים מיט פרייד צעשטראַלט
ווי די שענסטע פרילינגס בלומען ,
קינדערלעך, אַז באַלד אָט באַלד
וועט צו אונז דער טאַטע קומען .

ס'וועט קיין טרערן מער ניט פליסן
פון בײנקשאַפט פול מיט שרעק ,
אין זײנע אָרעמס פרייד געניסן
פאַר אַלע ווײמערדיגע טעג .

מיט יעדער ברײוועלע וואָס קומט אָן
צעליכטיגט זיך די גוטע בשורה ,
אַז באַלד אָט באַלד איך קום שוין אָן
דערציילט אונדז יעדער שורה .

דער הייסער וואונטש און בראָכע
ווערט איצט דורכגעפירט ,
זײן קומען ווערט בײַ דער מישפּחה
אַלס אַ יאָנטעף פּראָקלאַמירט .

אַ סימכע איז געוואָרן
בײַ יעדערן באַזונדער ,
צום יאָנטעף קומט צופאָרן
אויך לאה מיט די קינדער .

$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$$

אין אָרעמס געקלאַמערט פאַראייניגט געוואָרן
טאַטע מאַמע ברודער און שוועסטער ,
ס'וועט בלייבן אויף אייביג אין האַרץ און זיקאָרן
דער טאָג, אױנזוטו דער זעקסטער .

באַבעלע דזשודעלע קערעלע סאַנעלע
ווי גאָלדענע גלעקלאַך צעקלינגלט ,
ס'קומען באַלד צו אייך מיינעלע ראָנעלע
דעם טיש מיט יאָנטעף באַרינגלט .

פון טעלעפאָן דער קלאַנג
האָט אַלעמענס הערצער צעצונדן,
טאָלט קאָל ווי אַ הײליג געזאַנג
די צערײסנקײט צוריק פאַרבונדן.

פון די נעבל פונעם טוים
איז ער געקומען אַ געזונטער,
צו באַשרײַבן אָט די פרײד
נעם איך זיך ניט אונטער.

ווײל בלויז דאָס גרויסן דיכטער
קען דאָס פּאַסיג וואָרט געפונען ווערן,
צו באַשרײַבן שטראַלנדע געזיכטער
וואָס וואַשן זיך אין פרײדנס טרערן.

דאָס פרײד פון די קינדערלאַך אמילע
שווער איז צו באַשרײַבן,
זײ טוליען זיך, און אויף די ליפּעלאַך אַ תּפילע
טאַטע שטענדיג זאָלסטו מיט אונז בלײַבן.

סטנגעלע הערט פאַראינטערעסירט
אַזויפיל צאַצקעלעך אויף אים פאַראַן,
קערעלע זי שטאָלצירט
מיט איר מאַמן קאַפּיטאַן.

טעג פון יאָנטעף טעג פון פרײד
מיט די קינדערלאַך פאַרבראַכט,
און אײדער מיר האָבן זיך צעשײד
אַ מישפּחה בילדעלע געמאַכט.

אין איצט ניט מער געטריבן
דורך בלוט, און שנײ און פרעסט,
זיך מיט פרײד הײַנגעקליבן
אין נײער אײגן נעסט.

נויטרק ——— שיקאגאָ ——————— לאָס אנדזשעלעס
און יעדער בריוו װאָס קומט פון דאָרטן
איז פול מיט ליכטיגער פרייד ,
װאָס דערציילט פון הויז און גאָרטן
מיט פלאנצונגען פארזייט .

און װידער רוישן פראָפעלאָרס אין רוימען
און שניידן און שלינגען די מיילן ,
איבער שטעט, פעסטונגען, און צוימען
מיט שנעלקייט, זיי פליען און איילן

צעטראָגן די ליכטיגע בשורעס
זיי לויפן געשווינד און געשווינדער ,
געשריבענע בריוולאך און שורעס
פון טעט מאמעס און קינדער .

גוט איז דעם טאטן און מאמען
װייל איז אויך צו די קינדער ,
װען פראָפעלאָר ברינגט זיי צוזאמען
פון װייטן, און דאָך ניט באזונדער .

עס זאָגט קערעלע כאָכמעלאך שיינע
סאנעלע זאָגט דאָס באלד איבער ,
גערטמענע דזשודעלע, אין סקול איז זי איינע
ס'האָט שוין באבעלע א באװאָרטע א ליבער .

און װען שטארקע בענקשאפט געפילן
אין הערצער רופן און מאָנען ,
די בענקשאפט צו לינדערן און שטילן
איז דאָ אָף דער װעלט טעלעפאָנען .

ס'װערט באָבע און זיידע אלץ יונגער
װערנדיק דאָ פון די קינדער באגריסט ,
ס'באשליסט ע-ינעלע צו װערן א זינגער
ראנעלע א גרויסער פיאניסט .

אזוי דרייט זיך פון זייגער דער ווייזער
און ציילט אזוי פינקטלעך די צייט ,
דער קאָפּ ווערט אלץ גרייזער און גרייזער
ס'איז דער פראָסטיגער ווינטער ניט ווייט .

דעם אייביקן שלאָף דערמאָנט איך זיך און שרעק
איך ניט, אזוי ווען דאָס זיין ,
נאָר קאָלזמאַן ס'איז נאָך אָפן דער וועג
לויף איך און כאַפּ אַלץ אַריין .

א טאָג אַרבעט, איז מיר אזוי זיס
עס זינגט מיין מאַשין ווי א פידל ,
נאָך א טאָג, געשטאַנען אויף אייגענע פיס
אין אָוונט, עס זינגט זיך א לידל .

צופרידן בין איך מיט מיין כייליק
ווייל ס'איז אזא פרייד מיר באַשערט
זיך צו גרייטן איז ליב מיר און הייליק
צום 33 טן פרילינג קאָנצערט .

צו זינגען פון קאַמף און פון זיג
איז דאָך אזוי גוט א מעכאַיע ,
ס'איז ליבער און גרעסער דאָס גליק
צו זינגען א אָראַטאָריע א נייע .

פון אייגענע דיכטער געשריבן
פון ערלאַכע אַרבעטער הענט ,
פון הייס שטאַרק אונזער ליבן
און געקעט טאַמאַראָף, אונזער דירינענט .

און קאָלזמאַן דאָס האַרץ איז שטיל ניט געוואָרן
ווילט זיך אַלץ לעבן און הוליען ,
אין וועג, מיט טימבע מיר גרייטן זיך פאָרן
די קינדער צו אונזערע הערצער צו טוליען .

# מײַן שול, און מײַן בוך.

איך װאָלט עפּעס געקענט זײַן
א דיכטער, און שרײַבן ביכער
און טאָקע שרײַבן שטאַרק און שײַן
מיט דערפֿאָלג זײַן זיכער.

װען איך װאָלט אין א שול געגאַנגען
מיט לערערס און פּראָפֿעסאָרן,
און ניט אין אַלטע יאָמער צװאַנגען
פֿאַרבראַכט די יונגע יאָרן.

בײַ געטערטע אַלטע שװערע
מיט ראַבאָנים פֿון א צאָל,
מיט דער אָפּגעלעבטער טױרע
פֿון פֿאַרגאַנגענעם אַמאָל.

און איצט, זײַנען אונזערע הײמען
מײַנע אוניװערסיטעטן געװאָרן,
פֿאַבריק טירענע, באָס און קױטען
מײַנע פּראָפֿעסאָרן.

יעדער װאַנט, פֿון בוך א בלאַט
פֿענצטער לאַנגע שורות,
װאָס דערצײלן אַקוראַט
פֿון לעבנס, פֿול מיט צרות.

פֿון שװערע טעג אין שװײס געבאָדן
אין אײלנדיגן יאָג,
װאו מענטשן קינד מיט יאָך באַלאָדן
געבױגן יעדן טאָג. —

בײַ לױפֿנדע מאַשינען
פֿון א פֿרי, פֿון א ענד,
ניט זעלטן זעט מען בלוט אױך רינען
פֿון צעפֿליקטע שװערע הענט.

פאַר וואַסער איז אַ זייער דאָ
יעדער טראָפּן ווערט פאַרצייכנט ,
דאָס ווערט פאַרגאָסן יעדער שאָ
ווערט אין געלט באַרעכנט .

ס'ווערט קיין טראָפּנדל פאַרפאַלן
וואַסער, ס'איז דאָך געלד ,
אַ גלאָז , אַ קוואָרט, אַ גאַלאָן
באַרעכנט און באַצאָלט .

בלוט, מעג דאָס פליסן מעג דאָס רינען
פאַרשיט מען דאָס מיט מיסט ,
ציילן ? וועמען ליגט דאָס גאָר אין זינען
אַז מען קריגט דאָך דאָס אומזיסט .

ס'איז ווערטלאָז אונזער בלוט און גלידער
עפקער זיינען מיר ,
ווייל טויזנט אַנדערע ברידער
וואַרטן בײַ דער טיר .

ניט איינמאָל ציטערט אויף דאָס האַרץ
בײַם אַרבעטער דעם פרישן
פאַרקילטע בלוט ווי לעבער שוואַרץ
פון דער מאַשין צו ווישן .

( 2 )

דער זייגער ווייזט די שאָען
עס ציילן קינדער .ס'ציילט די מוטער ,
דער טאַטע וועט באַלד קומען
אונזער ליבער אונזער גוטער .

ער ברענגט אין זיינע בליקן
אונזער פרייד די גרעסטע ,
ער וועט אונדז קושן טוליען דריקן
אין זיינע אָרעמס פעסטע .

קינדער זײט געדולדיק
מיר װײסן װאָס אײך פֿעלט ,
שױן קײנעם באַלד ניט שולדיק
און ס'װעט דער טאַטע ברײנגען געלט .

איר װײסט איך זאָג קײן ליגן
קומען װעט דאָס גליק ,
איר װעט אַלע קריגן
קלײדעלאַך און שיך .

צופֿיל צײט מיט אײך פֿאַרנומען
דער זײגער איז שױן פֿיר ,
נאָך אַ שאָ װעט טאַטע קומען
שאַ .. װער קלאַפּט דאָס איצט אין טיר ? .

בלאַס צעשראָקן שטײט דער טאַטע
געבױגן איז זײן קאָפּ ,
אױפֿן האַרץ אַ װײסע שמאַטע
אַ לײדיגער אַרבל הײנגט אַראָפּ .

שטיל און שטום ער שטײט אַזױ
עס שטיקט דער טרערן קװאַל ,
און נאָכן ערשטן װײ געשרײ
די מאַמע טוט אַ פֿאַל .

די קינדערלאַך צעשראָקענע
מאַכן אַ געװאַלד ,
שכנים צעגױבגעלטענע
מינטערן זײ באַלד .

עס טוט אַ פֿלײץ ס'טוט אַ גאָס
טײכן בלוט און טרערן ,
ס'װעט זײער צאָל און זײער מאָס
ניט פֿאַרצײכנט װערן .

# אונזער יכעס

ווען אונזער קלאס וועט די וועלט איבערנעמען
און פאָדערן פון דערוויילטע, יכעס און ראַנגען ,
וועלן אונזערע קינדער זיך אויך ניט פאַרשעמען
ווען זיי וועלן זייערע יכעס בריוו דערלאַנגען .

ס'האָט קיינער פאַר דזירעט דעם יכעס פאַראַסן
ס'האָט קיינער פון רויב קיין פאַרמעג ניט געהאַט ,
קאָשערע האָרעפּאַשניקעס סיי פון טאַטן
און סיי פון דער מאַמעס צאַד .

איין זיידע דער מאַמעס א שמיד
איין קוזניע באַם פייער זיין לעבן פאַרבראַכט ,
דאָס אייזן געקלאַפּט און צעגליט
העק און טערפּן געמאַכט .

צעבלאָזן דעם פריילאַכן פלאַקער
עס האָבן זיך פונקען ווי שטערנדלאַך געטראָגן ,
צום פאַרזיי געפורעמט דעם אַקער
צו פירן די שעפּא , דעם וואָגן .

ווען האַמער און צאַנג פון זיין האַנט געריסן
האָט דער אונפאַרמיידלעכער טויט ,
האָבן זיך טרערן ריינע ווי פּערל געגאָסן
פון צענדליגער פויערים , וואָס האָבן אים באַגלייט .

ער האָט קיין צאַוואָעס געשריבן
קיין גרויסע ירושעס געלאָזן ,
נאָר אין אש זיינען פונקען פאַרבליבן
וואָס זיין ערלאַכע האַנט האָט צעבלאָזן .

א ליכטיגער אָנדיינק נאָך דער באָבען געבליבן
דאָס האָט מען אין שטעטל דערציילט ,
זי האָט די פרוכט פון איר גאָרטן געקליבן
צו אָרימע לייט דאָס צעטיילט .

דער טאטעס צווייטע באָבע און זיידע
האָבן פאר פויערים סטאָלע געגרייט ,
געארבעט אין וואלד האָבן ביידע
ערלאך פארדינט זייער ברויט .

קיין עביירעס געטאָפּטן געוואוינגן
פון שווינדל ניט געמאכט קיין פארמעג ,
און אויך זייערע קינדער דערצויגן
אין דעם זעלביגן ערלאכן וועג .

מיט שווייס אונזער יכעס געשריבן
דורך ערלאכע יאָרן און טעג ,
א ירושע פון זיידן געבליבן
א קו, אפּאָר הינער, א האן און א זעג .

דער טאטעס טאטע מאמע
באם וואלד געלעבט האָבן דאָרטן ,
דער טאטע מאכט דעמבענע פעסלאך
די מאמע ציט שפייז פון איר גאָרטן .

שפייז פארן הויזגעזינד
ניט געזוכט קיין גרעסערן גליק ,
איז אונטערגעוואקסן א קינד
אין שטאָט אוועק אין פאבריק .

ניט גרינג געצויגן די יאָרן
מיט מידע פארמאטערטע הענט ,
איז אין סטאָליארנע א פייער געוואָרן
די מאמע ווערט דאָרטן פארברענט .

נאָך דעם ווי עס האָט דער אומגליק געטראָפן
האָט ניט גענומען קיין סאך ,
די קינדער, ווי צעשראָקענע טויגלען צעלאָפן
פון אונטער א ברענענדיגן דאך .

דער באָבען געדײנקט איצט ניט קײנער
זי האָט זיך קײן מאָל ניט דערװאָרבן,
האָט מען װײס פון דער באָבען מער שײנער
אז זי איז א יונגע מאמע געשטאָרבן.

מיט זײן צװײטער פרױ, אלע קינדער דערצױגן,
מיט גאָט און מיט לײט זיך פארשטענדיגט,
צו פינף און אכציג יאָר פארמאכט זײנע אױגן
די לעצטע מיל ניט פארענדיגט.

ס'איז א הײליגער אָנדײנק פארבליבן
אין די הערצער פון דער גאנצער מישפּאָכע,
ס'װעט קײנער פארגעסן דעם נאָמען דעם ליבן
באָבע זיסל, זאָכרױנו ליװראָכע.

דער צװײטער זײדע א פּראָלעטאריער א רײנער
ניט געהאַט קײן האַק, ניט קײן זעג,
א אידעלע א דארער א קלײנער
א לױנשקלאַף אלע זײנע יאָרן און טעג.

זײן אײגנס, א טישל א באנק און א בעטל
געלעבט א אָרימען לעבן א שטילן,
געאָרבעט פון קינדװײז באם נאָגיד פון שטעטל
דורך טעג און דורך נעכט אין די מילן.

די באָבע א יונגע יאָסױמע געבליבן
באם נאָגיד געניאנטשעט א קינד,
ביז דער כמעטנע אין קיך דאָרט פארבליבן
פארן ברױט און א קלײד דאָרט געדינט.

ס'האָט נאָגיד דעם מאלעס געגעבן
צװײ לײכטער אף שאבעס די באָבע געקראָגן,
פינף גילדן א װאָך אף צו לעבן
צום סאָף, סאמריכים אין קװער צו ליגן.

דער טאטע דער בעניטכיף א אינגל א בלום
מיט זיין שיינקייט האט שטעטל געקלונגען ,
זיין שטימע א לייבן־געברום
באם כאזן פון שטעטל געזונגען .

געהאפט אז כאזן און שייכעט וועט זיין דער טאטע
איז ער אייכעט א מילנער פארבליבן ,
א מינע צו די רייכע און זאטע
האט זיך אף אייביג אין זיין הארצן פארקליבן .

די מאמע, א יונגע פארלערן איר מוטער
דאך ניט געוואוסט פון קיין נויט ,
איר טאטע דער געטרייער און גוטער
האט פארזארגט זיינע קינדער מיט ברויט .

ניט געוואוסט פון קיין צו גרויסע גליקן
ניט געלעבט אין לוקסוס און פרייד ,
פון נייען און העפטן און שטריקן
פארדינט אף א שוך און א קלייד .

געהאלפן דערציען די קינדער די קליינע
געניט, און בעכאלעמט אין בלויע פארטאכן ,
דעם מילן־מייסטערס טאכטער די שיינע
האט דעם זינגענדיבן מילנער געקראגן .

פון דעם ערשטן טאג זיך אין יאך איינגעשפאנט
געארבעט צו גלייך מיטן טאטן ,
געווען שטענדיג מיט ארבעט פארנומען איר האנט
דערגרייכט קאם א מאלצייט א זאטן .

די קינדער באלמעלאכעס געווארן
אוועק פון טאטן און מאמען ,
זיך אלע צעלאפן צעשפארן
איבער ווייטע ברויזנדע יאמען .

קיין טאָג און קיין שאָ קיין באַרוטע
האָט זיי אלט און צעבראָכן געמאכט ,
האָבן די קינדער די גוטע
אין אמעריקע, זיי אהערצו געבראכט .

מיט גאַנץ שטעלעס האָט מען זיך געבעטן באַם טאַטן
ער האָט געקענט לעבן גרינגער און בעסער ,
האָט ער ניט געוואָלט אונזער יכעס פאַראַטן
אף דער עלטער געוואָרן א פרעסער .

אין דער יוניאָן א מיטגליד געוואָרן
א געטרייער א גוטער דערצו ,
און צו פיר און זיבעציק יאָרן
אוועק אין זיין אייביגער רו .

די מאַמע, ביז די ניין און אכציק יאָרן
האָט אין לאָס אנדזשעלעס דערלעבט אירע טעג ,
מיט ווייטאָק און פרייד זאַט געוואָרן
און איבעט צום טאַטן אוועק .

---

און ווען אונזער אייגענעם לעבן דעם שווערן ,
צוויי מאָל צו רעדן האָט ניט קיין זינען .
ווער ס'וועט דאָס ווייסן באַגערן
וועט דאָס אין דעם ביכל געפינען .

ווען די גאַנצע וועלט וועט אונזערע קלאַס געהערן
איבער אלעמען וועט פלאַטערן אונזער פאָן ,
וועט איר אונזערע קינדער דערהויבן ווערן
מיט אלע ערלאַכע צום הויכן-אָן .......

[illegible]

איך וויל קיין קונסט דאָ ניט דערגרייכן
נאָר פּראָסט, וואָס געהערט וואָס געזען ,
נעם איך און פאַרצייכן
אַלץ וואָס איז געשען .

כ'ווייס איך בין ניט איינער
שרייבערס דאָ אַסאַך ,
יעדער איינער אַף זיין שטייגער
טוט געטריי זיין זאַך .

און איך וויל אייבעט דאָ פאַרשרייבן
וואָס מיר לעבן דורך אַצונדער ,
און זאָל דאָס פאַרבלייבן
אין זיקאָרן בײַ די קינדער .

אַז ווען קומען וועט די צייט
פון דער גרויסער מישפּט שאָ ,
איינעם טאָג פון לעצטן שטרייט
בין איך אייבעט דאָ .

## „חיזיון ביישון"

ס׳איז געשען ,
האט געקענט גאר אנדערש זיין ?
ס׳איז וועלט קאפיטאל דער באשאפער געווען
פונם שרעקלאכן מאנסטערס געביין .

זיי האבן פון מיסט א מענטשן דערהויבן
עס ווייסן איצט אלע דערפון ,
מאכט אים געגעבן מיטן ווילן און גלויבן
צו פארלעשן די ליכטיקע זון .

געזייט פארניכטונג און האס
דער דארן האט זיך צעבליט
איבער דארף איבער שטאט איבער גאס
איבער פעלד איבער וואלד און וואו ניט ?

געבויט דעם שרעקלאכן שייטער
יעדער לאנד האט זיין כיילעך געבראכט ,
צו פארניכטן דאס לאנד דער באפרייטער
די ערלאכע ארבעטער מאכט .

געהייליקט דעם מערדער און שענדער
פארשוואונדן דער געפיל פון ראכמאנעס ,
רוזיקע פעלקער און לענדער
אנייפן שייטער געבראכט אלס קארבאנעס .

איבער כורוועס פארוויסטונג און טויט
איבער פרעמדע לעבנס און פארמעג ,
דורך יארן געפלאסטערט געגרייט
פאר דער בלוטיקער כייע דעם וועג .

באַנאַנגען די גרעסטע פאַרברעכנס
האָבן פראַנקרייך און בריטאַניע ,
ברוטאַל פאַרניכטעט די טשעכן
געשענדעט, פאַרבלוטיקט אויך שפּאַניע .

געהאַרגעט געטשעטעט דעם קויזאַך
וואָס מער קאָהבאָניס, איז געווען דער געבאָט,
אַלץ געוואָרפן אויפן בלוטיקן מיזבייאַך
צו די פיס פון פאַשיסטישן גאָט .

די העמאָקראַטיעס, די קלוימערשטע פרייע
גאַנץ רואיק געשטאַנען געקוקט
ווי זייער ליבלינג, די פאַשיסטישע כייע
האָט באַלד גאַנץ אייראָפּא פאַרצוקט .

אפילע בא אונז אין שטאָט
האָט מען מיט רעדעס די אויגן פאַרבלענד ,
נאָר אין הארצן געבענטשט אָט די טאַטן
און מיט סימכע זיך געריבן די הענט .

צו זייערע הערצער די פאַשיסטן געצוליעט
האָט כאַליאַסטרע פון שונד און שאַנד
און א טייוולשע כאַסענע האָט זיך צעהוליעט
אויך דאָ בא אונז אין לאַנד .

ביי ! איר לאפעטוטן
טרייט דער הויפט מעכוטן
א קארעטע א פעטע איר פארשפייט דעם פשאט ,
אהער איר שרייבערוקעס
רוקט אריין די שנוקעס
און בלייבעט זיך אן צוזאמ .

ס'האט אשמידאי און לילים היינט כאסענע נעהאט .

ס'גרימפלען די קלעזמארים
נעגונים פאר פייגארים
און פירן פון די זומען –
די שמוציגע פראצעסיע ,
פון פירט צום קריין שלעפטס יוזעלע
לייפיק אף זיין פשייאך צייזעלע
און דער גאנצער פבאל –
פון דער טרייבערשער פראפעסיע .

דער פייאל אין דער פארזיצער
און פירט די שווארצע פעסיע .

דער פייאל הויבנאן
אין זיכער אף זיין פראן
דערפילט די שטארקייט אין די הענט ,
און איל אלעמען דיקפירן
די גאנצע וועלט נאר פירן
ס'האט פייאל זיינע מאמע ניט דערקענט .

ס'האט וועלט אין פלאמען זיך צעברענט .

און די וועלט רעגירער
פירער און פארפירער
קעניגע, פירשטן, און גראפן ,
זיך דערפילט געשלאגן
איינגעשפאנט אין וואגן
בא דעם מיסט זשוק היטלער –
וואס זיי האבן אליין געשאפן .

און וויל זיי נאר איצט פארשקלאפן .

און א טייל פון גרויסע מאכטן
גענומען זיך באטראכטן
זיך קעגן אים געשטעלט ,
זייגע פלענער שטערן
ער זאל ניט קענען ווערן
דערהערשער פון דער וועלט .

נאר עטעטיקייט פעלט .

ווייל אפילע איצט
פאשיזם ווערט באשיצט
מען טוליעט זיי צום הארצן–
אזוי ליבלאך אזוי צארט ,
נאר דער פירער פון אנטי פאשיסטן
אף א בילבל א אומזיסטן
דער ערלאכער קעמפער בראודער
אין טורמע זיצט פארשפארט .

און אף נאך אנטי פאשיסטן
דער טורמע שליסל ווארט .

זיי זיינען כאַלילע ניט קעגן
פאַשיסטישע מעטאָדן און װעגן
אױסראָטונג ?
דאָך איז ״טאָך דער פּראָגראַם ,
נאָר װי קענען זיי פֿאַרטראָגן
אַז ער זאָל זיי אַ דייע זאָגן
דער טיטש קעניג היטלער
װאָס דער פּראָסטער כאַם .

נאָר ניט דאָס
איז פאַר זיי דער טאַם .

װי קען מען דערלויבן
זיך דײַטשלאַנד צו דערהויבן
איבער אײראָפּע, אינדיע, און טערק ,
װאָס װילן פֿאַרצאַמען
אַלע װעגן און יאַמען
און װילן פֿאַרכאַפּן
פאַר זיך אַלע מערק .

און אַ דונער װאָס צעטרייסלט
אַלע טאָלן אַלע בערג .

ס'האָבן די הינטישע זין
פון רוים און בערלין
מאַדריד און טאָקיאָ
זיך צוזאַמענגעבונדן ,
און באַצאָלט זיי גאַנץ טײַער
מיט זייער אײגענעם פײַער
װאָס זיי האָבן זיי דערלאַנגט
און געצונדן .

עס ליגט איצט די װעלט
אין בראַנדיגע װאונדן .

פראנקרײך, פון זײנע הערשער טאראסן
דער רום פון דזירעס אין בלאָטע צעטראָטן
אויפן האלדז פונעם פאָלק דער נאצישער שטיװל ,
אנשטאָט פרײהײט און ברויט
פארװיסטונג און טויט
געבראכט האָט דער היטלער טענוואל .

לאָנדאָן ,די טשײמבערלין פאבריק
פונעם נאציישן גליק
די געטרײע מאמע פון שטורעם שטאפעלן ,
פון אירע אײגענע באָמבעס פארניכטעט פאָרװיסט
פראכטפולע גאסן פארװאנדלט אין מיסט
מיט טויזנדער טויטע אף גאסן און שװעלן .

מיט בלוטיגע טריט טאסטיקא מארשירט
אין יעדן לאנד דער פאשיזם טריומפירט
אויך פאר אונז איז שוין א היטלער באשטימט ,
אָפן עס גרײט זיך די שװארצע קאפעליע
דאיאז און קאָגלין לינדבערג און פעלי
און די גאנצע כאליאסטרע פאשיסטישע הינט .

אָפן פאר זײ זײַנען אלע קאנאלן
צו רופן מיט טעראָר די רעגירונג באפאלן
אויך דאָס איז זײ ניט מארנוערט ,
מען הילף װערט פאר אײנגלאנד באשלאָסן
װערט רוזװעלט מיט פעך און מיט שװעבל באגאָסן
מיט צײן און מיט נעגל די ארבעט געשטערט .

ס'װערט היטלער כוצפּעדיגער און דרייסטער
אייראָפּא א שעכט הויז און ער איז דער מייסטער
אָף זיין װאונק װערן מענטשן דערמאָרדעט װי הינט,
ס'פאלן פעלקער און לענדער
צו די פיס פון מערדער און שענדער
װער װעט אים דען אָפּשטעלן אצונד ?

ס'האָבן אים מערדער אנקעגן געטראָגן
פאר ליבע, און מוירע, אין נאציישן מאָגן
אלע קויכעס און מיטלען איינגעשפּאנט,
פארשטערט מיט זיגן די נאצי װאנדאלן
האָבן פלוצלונג אָן װארנונג באפאלן
אויך דעם סאָװעטן פארבאנד .

ס'האָבן די מערדער און שענדער
מיט די קויכעס פון 17 לענדער
זיך געװאָרפן אָף פרידלעכער ערד,
ס'איז היטלער געגאנגען צום ציל,
געשיקט דורך אַפּיזערשער שפּיל
נאָר קיין נאכעס איז פאָרט נים מאראן .

װאָלט היטלער דעם אָפּמאַך געהאלטן
דיקטירט, פון איינגלאנד'ס פרעמיער דעם אלטן
װאָלט דאָך איצט אזא סימכע געװען,
די סאָװעטן צעריסן, פאר יעדערן א שטיק
דעם זייגער פון װעלט א דריי געטאָן אָף צוריק
און איצט, אזא בראָך איז זיי געשען .

װער קען אים איצט גלויבן ?
אז ער װיל דאָך בארויבן
פארשלינגען די גאנצענע װעלט,
פארשטיקט דעם װייטאָק אין האַרצן
פארשטעלט דעם פארצעף דעם שװאַרצן
צו פּטװעקן, זיך מיט פריינטשאפט געשטעלט .

ווי צו אייך וועלט פאראזימן
דעם אורטייל צו ווערן פארשניטן
האט איר שוין געכאפט פון לאנג ,
דער ווידערשפרוך
אייער אייגענער פלוך
געפאקט האט אייך שוין אין זיין צוואנג .

די נאצישע מינט
מיט שטורעם געשווינד
מוים און פארטימונג געטראגן ,
געוועזן אין שווער
פארן רויטן געווער
אין די ערשטע טעג זיי פאריאגן .

פאלקן דיוויזיעס געפאנצערט אין שטאל
איבער שטעט און דערפער, איבער בארג און טאל
געגאנגען איז בלוטיגער טראט ,
ס'האט רויטע ארמיי
אין הארצן מיט זיי
געמוזט פארלאזן שטאט נאך שטאט .

פארשיקערט פון זיג
ניט געטראכט פון צוריק
ס'האט היטלער מאסקווע געוואלט ,
ער האט פאר יעטוועדן קער
צו קומען אהער
מיט מיליאנען פאשיסטן געצאלט .

ס'האבן דייטשלאנד'ס באנקירן
געמיינט, אז זיי וועלן טריומפירן
און נעמען איבער וועלט די מעמשאלע ,
נאר די רויטע ארמיי
האט צוגעגרייט פאר זיי
א פינצטערע א ריסטע מאפאלע .

געפּאַנצערט מיט בלוטיקן האַס
יעדער דאַך, יעדער טיר, און די גאַס
מיט פֿאַרפּײַעטן טעטע געשטאַנען ,
ס'האָט סטאַלין מיט מוט און מיט גלויבן
פֿאַרן זיג אַלע הערצער דערהויבן
פֿון רויטער אַרמיי און פּאַרטיזאַנען .

איבער מאָסקווע באַטאָג און בײַנאַכט
האָבן שטאָלענע אָדלערס געוואַכט
שאַרף איז דאָס אויג און דער ציל ,
מאָסקווע באַרינגלט מיט טאַנקען קאַנאָנען
עס פֿליען און פֿאַלן סוואַסטיקאַ פֿאָנען
די לופֿט איז צעציטערט פֿון קאַנאָנען געברייל .

ס'צערעכענען זיך רוסישע זין
מיט בייזער פֿאַשיסטישער שפּין
פֿאַר יעדער פֿאַרצוקטער געשטעטע ,
פֿון קינדער, מאַמעס, און טאַטעס
פֿאַר שטעט פֿאַרוויסטע און ברענענדע כאַטעס
עס פֿלאַקערט גערעכטע נעקאָמע .

וואָס גרעסער און טיפֿער די וואונדן
אַלץ שטאַרקער עס ווערן צעצונדן
אין הערצער מיליאָנען, נעקאָמע פֿאַרלאַנגען ,
אָן אונטערשייד קריסטן און ייִדן
אַלע פֿעלקער צוזאַמען זיי שמידן
אַרום נאַציִשע הערדעס, די שטאָלענע צאַנגען .

געמאַכט אַ ענדע
צו דער לעגענדע
אַז עס קען קיינער די נאַציס באַזיגן ,
אויף סאָוועטישע פֿעלדער
אין טייכן און וועלדער
מיליאָנען, טויטע נאַציס שוין ליגן .

ס'האָט סאַטאַנישע האַנט
גערײניגט איר לאַנד
פאַרשניטן דעם סאַם פון ראַכמאָנעס ,
די באַנדע טרעצקיסטן
טוכאַטשעפסקיס בינטל דעם מיטן
און פאַרתים פון בײזע פאַקטנעט .

דער טויבע נאָך שטאַרק
כאָטש געבראָכן זײַן קאַרק
דאָך האָט ער נאָך לעבנס טאַרצוקן ,
נאָר אײַן זאַך איז זיכער
אַז זײַן סאָף קומט אַלץ גיכער און גיכער
צעבראָכן וועט ווערן זײַן רוקן .

עס גליט צום קלימאַקס
די פאַשיסטישע אַקס
וואָס האָט צענדלינגער פעלקער צעפרעסן ,
יאַפּאַנישע הײנט
האָבן שוין אַצינד
באַפאַלן די פאַראײניקטע שטאַטן .

יאַפּאַנישער באַוריקער
רײַסט אײנצלען רײַסט שטיקער
בלוט, טײַכן שוין רינען ,
פאַרן שפּאָל פאַרן ציל
ער צעלט אונז מיט גרויל
מיט קאָרים, און שמעקע אין רואינען .

ס'איז פאַר אַלעמען קלאָר
אַז אין 1942 טן יאָר
וועלט מען זײ פאַרניכטן געקענט ,
די פעלקער זיך בעטן
פון געפאַר זײ צו רעטן
עפענען אײן מאָריג א צווײטן פראָנט .

עס האָבן טעלקער געטאָנט
צו עפענען באַלד אַ צווייטן פראָנט
צו פאַרניכטן די ברוינע מאַניפע,
נוט האָט רוזוועלט און טשוירטשיל אונטערגעשריבן
און בײַ דעם איז געבליבן
אָף אַ ווײַלע פאַרלעשן די טרייפע .

ניט וערט די פּאַפּיר זײַנען אַלע טראַקטאַטן
געשריבן געכאַפּטעס פון פרײַען דעם זאַטן
ס'איז נוצלאָז אָף זיי זיך צו פאַרלאָזן
פון די מאַסן דער ווילן, דעם פייער צעגליטן
מיר טאָרן ניט לאָזן פאַרגיסן פאַרשיטן
נאָר שטאַרקער די פלאַמען צעבלאָזן .

עס זײַנען לעבנס מיליאָנען געשטאָרבן אין קאָן
מיט בלוטיגע שטראָמען עס פלייצט איצט דער דאָן
מיט פאַרשניטענע לעבנס פאַרשפאַרט זײַנען ברעגן ,
ס'גריזשעט דער טײַוול אָף זײַן בלוטיגן גאָפּל
פאַרבליבענע זאַפּן פון דער שיינער סעוואַסטאָפּל
און שפּרייט מייער פאַרוויסטונג אָף פעלדער און וועגן .

דורך פייער און בלוט
אויפן נאַצישן מאַרשרוט
צעמאַקסט זיך בײַשעך און גרוזיל ,
אָף קאַווקאַזישע באַרגיקע וועגן
איז שוין נאַצישע לאַפּע געלעגן
צו פאַרכאַפּן דאָס סאָוועטישע אויל .

עס קעמפן צי ליבן סאָוועטישע זין
און רײַסן די נעצן פון נאַצישן שפּין
ס'קען כאַיע שוין מער ניט פאַרצוקן ,
געמאַכט האָט דעם קער
דאָס סאָוועטיש געווער
צווישן סטאַלינגראַדער בורעס –
צעבראָכן דעם נאַצישן רוקן .

און איצט איז דאָך די בעסטע צײַט
צו העלפן אײראָפּא ווערן באפרײַט
ווען צעבויגן זײַנען נאַציִשע צוואַנגען ,
ס'יאָגט פון מיזראך די נאַציס די רויטע אַרמײ
די פארבלוטיגטע אײראָפּא בעט זיך בא זײ
פון מאַירים זײ הילף צו דערלאַנגען .

יאָ, שווער איז צו רײדן
נאָך שווערער צו שווײַגן
דאָס האַרץ איז פול מיט ווײטאָק באַלאָדן ,
א פראַגע מאַטערט און קוועלט
צי האָט שוין די וועלט
ניט גענוג נאָך אין בלוט זיך געבאָדן ?.

וואָס וואַרטן זײ ?
וואָס טראַכטן זײ ?
וואָס וויל מען דאָ דערגרײכן ? ,
צי וועט דאָס האַרץ צעפּלאַצט ניט ווערן
אײדער עס וועט די וועלט דערהערן
דעם ענטפער, אף דעם פראַגע צײכן .

יאָ, איך ווײס
מעג דער צווײפל זײַן ווי גרויס
ניט שײַן איז פאר א באָלשעוויק ,
צו טראַכטן פון טאַקטיקעס
זיך שרעקן פאר קאָרבאָנעס
אין א צײַט פון קריג .

הײַנט, אין שווערע טעג
עפּשער נויטיג איך אָפּ פון וועג
האָט עס פירט מיך מײַן פאַרטײ ,
נײַן ! ס'וועט מײַן פוס זיך מער ניט וואַקלען
נאָכן ליכט פון רויטע פאַקלען
אויפן וועג צעליכטיגטן איך גײ, איך גײ,

נאָר מיט אָנגעשטאָלטן ווילן
וועלן מיר דעם פײַנט פאַרשפּילן
זאָל אונזער קאָל, ווי א לאַווע זיך צעגיסן ,
ס'ווערט ליכטיגער און גרינגער
טאָשל דזשאָסטיס, הערצלד, עקסרײַ,
אָט די דרײַ קאָגלינס בײַזע צינגער
זײַנען שוין אַרויסגעריסן .

שווער דער פראָנט
די אַרבעט מאָנט
זאָל קײן האַנט ניט לײדיג בלײַבן ,
דערלאַנגט אַהער
צו הילף וואָס מער
און זאָלן זיך די מאַכנעס קלויבן .

עס שטײַען פעלקער שוין אויף
ס'ווערט שטאַרקער דער רוף
ס'איז ניט אין דער מידבאַר קײן קאָל,
מען וועט אונז דערהערן
נאָר עס מוזן זיך מערן און סערן
די מאָנערס, אַלץ גרעסער אין צאָל .

ס'מוזן ווערן פאַרברידערט די מאָנערס צוזאַמען
אָפּגרונטן פאַרשיטן ,צעברעכן די צאַמען
וואָס האָבן די ברידער צעשפּליטערט ,
און ווען ברודער מיט ברודער וועלן זיך דערקאָנען
און זײער לעבן באַרויבן נעמען זיך מאָנען
מוז ווערן דער רויבער פאַרציטערט .

ניט איצט איז די צײַט פון כעשבוינעס
זוכן כאַטאָים כאָסרוינעס
ווער דער גערעכטער, באַדינגונגען שטעלן,
ווען דער טויט שטײט שוין באַם טיר
בא מיר און בא דיר
עס לויערט דער טויט אַף די שוועלן .

מער ניט צווייפלען, איז מיין באשלוס
מעג װי גרויס זיין דער פאראדיז
מיט ארבעט פארצאמען דעם פרייען געדאנק ,
נאר עס װיל מיין אויג ניט װערן טונקל
און זעט אף יעדער גאס און װינקל
װי עס קריכט די פאשיסטישע שלאנג .

רוזעװעלט, טשוירטשיל, קאנפערענצן
רעדעס שיינע בליצן גלאנצן
אטלאנטיק טשארטער טוט א בליץ ,
ס'האט יעדער פאלק א רעכט זיך צו רעגירן
גלייכהייט, פרייהייט, איינצופירן
איז דאס ניט א שיינער װיץ ?.

אין דער פרעסע לייכטן שטראלן
נעמען פון די גענעראלן
טימאשענקא, קאנעװ, און מעקארטור ,
אף די כװאליעס פונעם ים
א שאס מיט א ראקעטן פלאם
דער אטלאנטיק טשארטער .

דעמאקראטיע האט טריומפירט
װארט פון פרייהייט שעמערירט
װי די פיינסטע צירונג ,
זאל יעדער פאלק און יעדער לאנד
פריי פון צװאנג פון קיינעמס האנט
אויפשטעלן איר רעגירונג .

פאלק, דעמאס, װי שיין דאס קלינגט
נאר װער איז דער זינגער ?
און װער עס זינגט
און װער עס האלט די פידל .
א געפעך, מיט פיל פארביגע טענער
א געגריילץ, מיט פאלשע טענער
אין דעם פאלשן לידל .

די קאנפערענץ אין קאסא בלאנקא
אמעריקע און בריטאניקא
פון אלעמען ווערט באגריסט ,
ס'האט וועלט מיט גרויסע האפענונג געווארט
און געווארן אפגענארט
מיט זשיראן דעם פאשיסט .

אפגעטאן, און אלץ פארשוויגן
און ווייטער שפינט מען אט דעם ליגן
מיט שיינע פליטערלאך באצירט ,
מיט אילוזיעס פון א פרידן
קאפיטאל און ארבעט, קריסטן אידן
ס'ווערט גליק און שאלעם איינגעפירט .

ס'ווילט זיך מאכן שאלעם
מיטן שיינעם כאלעם
אז די קאפיטאליסטן מיינען ניט שלעכט ,
נאר מארקס און לענין זאגן: גלויב ניט !
די רויבער פינגער וואכזאם היט !!
איז דאך בראודער ווידער אומגערעכט .

אז ער הייסט אונז זיין בארוט
רוזוועלט, טשוירטשיל, מיינען גוט
גלייכע שוטפים מיטן סאוועטן פארבאנד ,
רוסלאנד אמעריקע און בריטאניע
מאסקווע, טעראן, און קאסא בלאנקא
ס'איז איין ווילן , ס'איז איין האנט .

צי קען א פיינער אנדערש ווערן ?
צי קען באטריגער ערלעך קלערן ??
ס'זייער שווער צו גלויבן
אז וועלף און לייבן
זאלן מיט לעמער מאכן שאלעם ,
כאטש עס זאגט איצט די פארטיי
אז עס וועט זיין אזוי
נאר ווי גלויבט אזא כאלעם ? .

נאָר ווער בין איך דאָס ניט צו גלויבן
אַ באַשלוס האָט קומט פון אויבן
פון כאַווער בראַודערן אַליין ,
אָנגענומען האָט די שיטע
די פּאַרטיי צענטראַל קאָמיטע
נאָר מיין פּראָסטער סייכל –
קען דאָס ניט פאַרשטיין .

מען ניט גלויבן ווערט נאָך גרעסער
ס'ווערט מען באַלעבאָס נאָך־אַלץ ניט בעסער
מען יוניאָן, אַ דאָרן אין זיין אויג ,
ס'איז באַלעבאָס נאָך אַלץ מיין סוינע
די אילוזיע אָט די שיינע
וואָס טויג ? וואָס טויג ! .

ס'האָט בראַודער היינט גערעדט
ניט דעם סוינע צאַרט גלעט
דעם שוואַרצן טייוול ווייס געמאַכט ,
מיט העלע פאַרבן מאָלט ער בילדער
ס'ווערט דער וואָלף אַ שעפּס אַ מילדער
און דער טייוול האָט געלאַכט .

עס ברייינגט אונז ראָבערט מיינער
אויך די סכירע
לערנט אונז די זעלבע טוירע
שוטפים, זיינען מיר מיט זיי ,
דער קלאַסן־קאַמף ניט נייטיק שוין
סאָציאַליזם קומט פון זיך אַליין
און ליקווידירט איז קאָמ־פּאַרטיי .

ניט וויסנדיק אז איך בין גערעכט
נאָר פילנדיק אז דאָס איז שלעכט
שטיי איך פון דער ווייטן ,
איך בין קעגן דעם נייעם געבאָט
איך וויל אויך ניט זיין קיין דאָן קיכאָט
מיט ווינט מילן צו שטרייטן .

איך שטיי אָף דער װאַך
און באַטראַכט יעדער זאַך
ס'איז יעדער טאָג, אַ בלאַט אין מיין בוך ,
דורך די בלוטיגע טעג
אָף מיין איינזאַמען װעג
דעם עמעס, איך גיי און איך זוך .

יעדער קער יעדער ריר
איז אַ שורע באַ מיר
יעדער זאַך װערט פּינקטלאַך פֿאַרשריבן ,
אין דעם שווינדלדיגן ראָד געלויף
די געשעענישן כאַפּ איך אויף
און צום עמעס זיך דערקליבן .

און עס װערט ליכטיק אין מיין זיקאָרן
פֿאַר דעם לעצטן צענדליג יאָרן
אַלץ װאָס האָט מיט אונדז פּאַסירט
זיי האָבן היטלערן געבראַכט צום לעבן
און אים אַלץ אַװעק געגעבן
אין מינכען, די באַשלוסן דורכגעפירט .

באַ קאַפּיטאַליסטן אַ געדולע
דערזען אין היטלערן זייער געהולע
פֿאַר פרייד געריבן זיך די הענט ,
ס'האָט מיט שיינע רעדעס —
רוזװעלט אונדז גענאַרט
און ניט לאַנג געװאַרט
היטלערן און זיין אַרבעט אָנערקענט .

איך געדיינק דאָס נאָך װי היינט
ס'האָט רוזװעלט װי אַ פֿריינט
קעגן פֿראַנקאָ'ן אַ רעדע געטאָן דערלאַנגען ,
װי אַ אַנטיפאַשיסט געדונערט געהאַמערט
און באַלד דאָס שפּאַנישע פֿאָלק איינגעקלאַמערט
אין זיינע עמבאַרגאָ צװאַנגען .

אָבער די היטלערס און מוסאָליניס
זײַנען דאָך פֿרײַנטלעכע מעדינעס
מען קען צו זײ דאָך גאָרנישט האָבן ,
זײ דאַרף מען אַלץ פֿאַרקויפֿן
זײ זאָלן קענען לויפֿן
דעם פֿאָלקס פֿראָנט צו באַגראָבן .

אַמעריקאַנער באָמבעס —
האָבן שפּאַנישע לעבנס צעריסן
זאָל דאָס רוזוועלט טראָגן אַף זײַן געוויסן
אַף זײַן ליגנערישן קאָפּ זאָל פֿאַלן דאָס בלוט ,
און ווען דורך פֿאַראַט איז היטלערן געלונגען
פֿראַנקרײַך צו באַצווינגען
איז די ווישי נאַצי רעגירונג אויך געווען גוט .

ווי קען מען גאָר פֿאַרגעסן
ווי מיט פֿאַשיזם דורכגעפּרעסן
איז די גאַנצע רוזוועלט קאַמאַרילע ,
ווען מאַנערהײַמס פֿינלאַנד —
היטלערס שותּף דער געטרײַער
האָט צעצונדן בראַנד און פֿײַער
אַף סאָוועטישע גרענעצן פֿרײַנטלעכע און שטילע .

מיט געוואַלדן און געשרײען
סאַם און סיזע צו פֿאַרזײען
קענען די באַוואַרישע פּאַטעטן
איבער שטאָט און שטאָט ווי פֿײַל פֿון בויגן
צאַדײקעס רוזוועלט איז געפֿלויגן
דעם פֿאַשיזם דאָרט צו רעטן .

ווי אַ שלאַנג האָט זי געשיפּעט
מיט גיפֿטיק סאַם אַף אירע ליפּן
פֿון פֿאַשיסטישן ברודיקן קוואַל ,
געקלאַפּט אין אַלע טירן
געקליבן געלט און וואָלונטירן
צו העלפֿן היטלערס אַ מאָל .

מיטן צווייטן פראָנט דעם פיל געצאַרטן
שטייען זיי און וואַרטן
אַף אַ סאָוועטישער טאַפּאָלע,
און זיי שטייען גרייט
דורך פאַרניכטונג און דורך טויט
צו נעמען איבער וועלט די מעמשאָלע.

און איצט, אָן צווייפל און אָן וואַקל
קום איך צום סאַכאַקל
און עס ווערט מיר אַזוי קלאָר,
יעדער זאַך וואָס איז געשען
אַלץ וואָס איז געווען
אין די פאַרגאַנגענע פאָר יאָר.

די פאַרבלוטיקטע יאָרן און טעג
שניידן דאָס האַרץ ווי אַ טעמפּע זעג
שווער איז רו צו געפינען,
דער טוינע מיט מאָרד און געפלינדער
פון מיליאָנען מענטשן קינדער
טייכן בלוט איצט רינען.

אין אַלע צייטן האָבן וואַרן
קעניגע און צאַרן
זיך אין פעלקערס בלוט געבאָדן,
פּריצים פעאָדאַלן
פירשטן גענעראַלן
מיט מאָרד און רויב באַלאָדן.

אָבער ווי קען מען דאָס פאַרגלייכן
מיטן קאַפּיטאַליסטישן קלאַס דעם רייכן
ווען ער דערפילט זיך אין סאַקאָנעס, —
צו פאַרלירן זיין מעמשאָלע
ווערט אַ פינצטערע בעהאָלע
און ס'ווערט אויסגעמעקט דער וואָרט ראַכמאָנעס.

פארן פאָלק'ס צאָרן זייער מוירע
װערט היטלערס "מײן קאמף" זייער טוירע
זייער "אָפּפענונג" און גלויבן ,
און קיין זאך איז ניט צו שלעכט
װאָס היטלער טוט איז ער גערעכט
מען דארף אים אלץ דערלויבן .

נאָר װי צו איך איר געלט באראָנען
די באשיצער פון אייערע טראָנען
װעלן ניט געװינען מער קיין שלאכטן ,
אייער מעמשאָלע אף דער ערד
װערט פארשניטן מיטן שװערד
אין האנט באם פאָלק דערװאכטן .

דאָס הארץ עס מאנט פאר פרייד
די רויטע ארמיי זיגרייך גייט און גייט
שװארצער קויאך װערט צעבראָכן ,
שטארק און זיכער איז דער טראָט
דאָרף נאָך דאָרף און שטאָט נאָך שטאָט
װערט באפרייט פון שװערע יאָכן .

װאָלגא , דניעפער , דאָן ,
װידער אויבן אָן
צו פליסן פראנק און פריי ,
קלאָרע װאסער װעגן
װידער ברײנגען צו די ברעגן
הילף און שעפע אף דאָסניי .

ליטע לאטװיע און עסטאָניע
אין סאָװעטישער הארמאָניע
פריי עס װערן לאנד נאָך לאנד ,
ניט נאָר די נאציס צו פארטרייבן
נאָר אין נאצן זיי צערייבן
אין פוילן שוין ארײנגעשפאנט .

רויטע ארמיי שוין אין פראגע
צו פארלאזן מארשע שטייט די פראגע
פאר דער נאצי שפין ,
אונטער סאוועטישער פירונג
ווערט איינגעשטעלט א רעגירונג
דערווײַלע אין לובלין .

און עס זאמלען זיך די קרעפטן
וועלדן קריגער זיך באהעפטן
אנדריי, און יאנקל, וואצלאוו , יאנעק ,
פארניכטעט און פארשניטן
ווערן נאצישע באנדיטן
די מערדער פון מײדאנעק .

די לאנדאנער פאנעס אין שרעק
פאר די ליכטיגע טעג
פון פוילישן פאלק דעם דערוואכטן ,
עס ווייסן פארעטער
אז פריער צי שפעטער
וועט דאס פאלק דאך געווינען די שלאכטן .

אז אך און אז ווי
וועט זיין צו זיי
זיי וועלן שוין די הערשער ניט ווערן ,
זיי ציען אלע גלאקן
און שיקן נעבעכן
דעם זיגרייכן מארש צו צעשטערן .

בא הערשער רעגירער
פצמישטישע פירער
די קאפיטאליסטישע הארץ מוט א ציטער ,
מען טילט דאך א די פויערים ערד
א פאניק עס ווערט
א פינצטערער שטורעם געוויטער .

ווי פארסאמטע טאראקאנעס
לויפן די פאנעס
צו רעגירערשע טירן און שוועלן ,
טשוירטשיל רוזוועלט זאגן זיי צו
אז ס'וועט ניט זיין בא זיי קיין רו
דעם פאלק'ס דערוואכונג אפצושטעלן .

עס פלעכט איר נעץ די שפין
פארן באפרייאונג קאמיטעט אין לובלין
ווייל אנטי פאשיסטן זיינען דארט פארן ,
צי וועט דאס איר געלינגען
אויפן פוילישן פאלק ארויפצוצווינגען
דעם אלטן פאשיסטישן פאן .?

צי וועט דאס זיי געלינגען
אויך פוילן צו באצווינגען
בראנד און פייער דארט צעצינדן ,
ניין! א פאלק וואס קעמפט א לאנגע צייט
מיט רויטע ארמייער זייט בא זייט
וועט זיך ניט לאזן בינדן .

די רויטע ארמיי שפאנט און שפאנט
אריבער די גרעניצן פון סאוועטן פארבאנד
פונעם סוינע שטיקער צו רייסן ,
צעשמעטערט ליגט די נאצישע נעסט
די דוירעסדיגע יונקער בעסט
שוין פארנומען מיזראך פרייסן .

עס וועט ניט פון קיין שטער
דאס רויטע געווער
ס'איז דער וועג מיט זיגן רייך ,
מיט זיג באקראנצט איז יעדער טראט
דארף נאך דארף, און שטאט נאך שטאט
און פריי איז שוין דער ערד טייך .

די לעצטע שוין, דאָס לעצטע האַנט
פאַר דער הויפּט שטאָט פונעם גאַנצי לאַנד
איז אַף אייביג שוין געפאַלן ,
אַמעריקע, ענגלאַנד, פאַרציטערטע ווערן
און ס'נעמען טראַכטן, און ס'נעמען קלערן
זייערע גענעראַלן .

מען קען שוין מער ניט וואַרטן לײנגער
ווייל רויטער פאַנצער ווערט אַלץ אײנגער
אַרום דער גאַנצי כאַיע ,
און באַשלאָסן ווערט דערפאַר
צו פאַרמיידן די געפאַר
פון אַ וועלט אַ פרייע .

און פּלוצלונג אַ טרומייטן שאַל
דער מאַיריש פראָנט עס טוט אַ קנאַל
צו הילף, צו הילף, מען לויפט אַהין ,
ס'האָט מאָנטגאָמערי דער סטראַטעג
געוואָלט פאַרלויפן באַלד דעם וועג
און צוכאַפּן בערלין .

דעם רוסן מאַרש גלייך אָפּצושטעלן
און באַפעסטיגן אַלע שוועלן
קעגן רוסישע קאָמוניסטן ,
און זיי לויפן גיכער גיכער
דעם פאַשיזם מאַכן זיכער
נאָר בייטן די פאַשיסטן .

נאָר ס'האָט אַ אומגליק זיי געטראָפן
זיי זיינען ניט דערלאָפן
ס'האָט היטלערס לעצטע באָמבעס –
זייערע טריט געברענט ,
אַ מאַפּעלע דאָרט געליטן
פאַרניכטעט און פאַרשניטן
ס'האָט היטלער ווידער זיין מאַטן ניט דערקענט .

ס'האָבן סטאַלינישע פּלענער
און די רוסישע סטראַטעגישע קענער
דורכגעפֿירט, זייער ציל און פֿאַרלאַנג,
ס'האָבן די זיגרייכע הענט
צעשמעטערט צאַמען און ווענט
און אַריין אין בערלין מיט געזאַנג.

ס'האָט רויטער געצאָכן
זיין מאַרש ניט געבראָכן
געהאַנדלט ווי שלאַכט קאָמעראַדן,
באַם ענדע פֿון קריג
צו פֿאַרהאַנדלען דעם זיג
צום מישפּעט מיט זיי געלאַדן.

און פֿונקט אין דער צייט
ווערט פּוילן באַפֿרייט
מיט שטאָלץ און מיט פֿרייד און מיט לידער,
און דריקט אויס איר באַגערן
אין איר פֿייערלעך זיך דערקלערן
אין פֿריינטשאַפֿט מיט די סאָוועטישע ברידער.

אונרוהיק עס ווערן
פֿון פּוילנס דערקלערן
די הערצער פֿון גרויס קאַפּיטאַל,
און ס'ווערט באַלד א שטורעם
שווער צו פֿאַרלירן דעם פֿאַשיסטישן טורעם
פּוילן, דעם היטלער האַסאַל.

וואָס האָט קענען רויטער געפֿאַר זיי געשיצט
און איצט
אַזאַ אומגליק האָט זיי געטראָפֿן,
ניט מעגלעך אַ אינטערווענץ
אין מען צו אַ קאָנפֿערענץ
אין יאַלטאַ באַלד געלאָפֿן.

און װאָס באַקלערט און אָפּגעטאַכט
האָט רוזװעלט אַ באַריכט געבראַכט
אַז אונגעזעצלאַך איז די פּױלישע פירונג ,
און אַז די געזעצלאַכע רעגירער זענען
די לאָנדאָנער מאַנען װאָס מיר אַנערקענען
איבער פאַר קײן פאַל ניט די װאַרשעװער רעגירונג .

אין פאַנפראַציסקאָ אַ קאָנפערענץ דורכצופירן
די פאַראײניקונג פון נאַציאָנען עטאַבעלירן
די װעלט פון מאָרגן האָט ער באַגליקט ,
און װי אַ פירער פון פאַשיסטן
האָט ער װאַנדענבערגן מיט זײַן בײַנטל דעם װיסטן
אַלס פאַרטרעטער דאָרט געשיקט .

געטרײַ זײַן מיסיע אויסגעפילט
פאַלשע ראָלע גוט געשפּילט
אַ מינער אין אַ שעפּסן פעל ,
עס איז אים געלונגען
מויכעס הערצער צו באַצװינגען
מיט שײנע צונגען ליכטיק העל .

מיט גלויבן האָט די װעלט געהאָפט
אַף אַלץ װאָס רוזװעלט האָט געבלאָפט
פאַר דער שײנער װעלט פון מאָרגן ,
װעלכע ער האָט אין רױבער הענט אָנגעטרױט ,
און נאָך באַװײַזן פאַרן טויט
פאַשיזם צו באַזאָרגן .

און זאָלן דיכטער אים באַזינגען
זײַן לויב און רוהם אַף װעלט צעקלינגען
עס װעט מיך ניט נאַרן קײנער ,
קלאָר פאַר מיר איז זײַנע צילן
און עס װעט מײַן האַרץ ניט שפּילן
איך שיק אַ קללה צו זײַנע בײנער .

א באַראַטונג אין פּאַקט־ראַט
טרומאַן טשוירטשיל איבערן יאַם
אַף פליינקע עראָפּלאַנען,
נאָר עס האָט זיך אין מיטן
אין ענגלאַנד אַלץ געביטן
ס'איז ראַמזי, טכיאַס המײסים אויפגעשטאַנען.

עס פאַרזיכערט מיסטער טרומאַן
אַז ער וועט גיין נאָך רוזעוועלט'ס פּלאַן
און ער האָט וואָרט געהאַלטן,
נאָר ניט נײטיק איז פאַר אים צו בלאָפן
עס גייט רעאַקציע פרײ און אָפן
ער וויל זיך ניט באַהאַלטן.

ווייל ווי טאָר מען דאָס דערלאָזן
רויטן פייער זיך צעבלאָזן
אַף דער וועלט די פונקען שיין,
עס קלאַפּט פרעהאַנגע די רעאַקציע
פון פינצטערע קויכעם אַ מאָבילעזאַציע
דעם רויטן פייער צו פאַרשטיקן.

און זיי טוען אַלץ נאָר וואָס זיי קענען
דעמאָקראַטיע אויסצוברענען
און צו ראַטעווען מיט מאַסטיקע,
נאָר עס'ז וויי און ביטער
אַף דער וואַך די געטרייע היטער
מאָלאָטאָף, ווישינסקי, און גראָמיקאָ.

די פאַשיסטישע שלאַנג
האָט ניט אָפּגעשטעלט איר גאַנג
און זוכט איבעראַל אַרײנצוקריכן,
צו ראַטעווען פאַרהיטן
די פאַשיסטישע באַנדיטן
ווי עס איר שוין געלונגען —
באַ די גריכן.

ס'ווערן פרעכער די רעשעים
זייער צאל מיט כאמעים
ווערט אלץ שרעקלעכער און גרעסער ,
פאר דער געפלאנטער איינטערהענגן
אויפן ארבעטערס עקזיסטענץ
שארפן זיי דעם בלוטיקן מעסער .ב

ס'האבן די היטלערס אגענטן
זיך פארמעסטן אויסצוראטן
אלץ וואס איז נאך פריי
פאר אידן פוים, און גלע לאטעס
פאר די יוניגנס פורמע גראמעס
פארניכטן באלד די קאפ-פארטיי .

ס'האט היטלער אויך אזוי געטראכט
אז ער האט דאס רעכט און אויך די מאכט
די גאנצע וועלט איינצושלינגען
אין בערלין פארשטומט אין היטלערס קאל
האבן די היטלעריסטן הידער המאל
זיך אין מאשיננטאן צעזונגען .

פון טרומאנען דיריגירט
גייט די קאפעליע ווי געשמירט
מיט איין פארלאנג און איין באגערן
מיט ברוטאלעי מאכט אף פעלקער צו רייסן
מיט דער פאמספיקע צו פארבייטן
אונזער פאן פון שטריף און שטערן .

און כאטש איך האב געהאוסט געווים
אז קומען וועט אט דער פורצרין
האב איך דאך געהאלט א לינגער בלייבן ,
דערפאר איז דאס איצט אזוי
פול דאס הארץ מיט פיין און וו-
די שווארצע מאקטן צו פארשרייבן .

נאר עס גייט אויף אין מארגן א טרייסט
אז דו ווייסט
אז שטארק און זיכער איז דיין שטאט,
און ווען אפילע אין אלקנדיגע טעג
ארונטער פונעם וועג
צוריק דערזען דעם ליכטיגן פלאץ.

וועט מען ווידער זיך צעברענט
און דעם טאטע אנערקענט
צוריק דעם וועג געפונען,
אפגעקערט זיך פון פאראט
מיט א ווירל בראודער רענעסאנס
מיט פארטעריש געשפאנען.

און ווידער קעמפט געטריי
די קאמוניסטישע פארטיי
אין אלע טיילן פון דער וועלט,
מיט צוטרוי און מיט גלויבן
האבן פעלקער איר דערהויבן
און צו רעגירערשאפט געשטעלט.

מען וועלט מיט אויגן בליצן
מען דער סוינע ציינער קריצן
מען שווארצע מערדעס בילן,
זיי וועלן מער די וועלט ניט שאטן
און קיין פעלקער מער ניט צאמען
צו פרייאיט, זייער דראנג און ווילן.

ס'איז אומפארמיידלעך זייער ענדע
ווי א פינצטערע לעגענדע
אין דער געשיכטע זיין פארשריבן,
ס'איז געשען
ס'איז א רויבער קלאס אמאל געווען
און פון אים קיין זייכער ניט געבליבן.

# לעבן זאָל דאָס לעבן .

איך בין בלויז א זעמדל
אין ריזיגער שטאָט ,
א קלײנינקער צײנדל
אין לויפנדן ראָד .

א פּיצעלע ציפער
אין גרויסן יעסורים ,
א טײל פון געוויטער
וואָס גרייט צו דעם שטורעם .

א טרײפעלע בלויז
אין מײן שאַפנדע האַנט ,
אין מאַשין וואָס איז גרויס
און רופט זיך מײן לאַנד .

צי בין איך דאָ נויטיק ?
צי לעב איך נאָר סתם ,
צי בין איך א נוצלאַכער
טראָפּן אין ים ?.

ווען איך וואָלט אַלס טראָפּן
אין ים אויסגעפעלט ,
צי וואָלטן זיך שיפן
צוליב דעם אָפּגעשטעלט ? .

א בוכשטאַב פון ליד
א טעם פון קלאַנג ,
און דאָך זינג איך מיט
אײנעם גרויסן געזאַנג .

מײן טעם א ווינטל
קאָלזמאַן איך לעב ,
א קלײנינקער פינטל
אין גרויסן געוועב .

ס'איז מיר אזוי גוט
װאָס איך בין נאָך דאָ ,
א סעקונדע אין מינוט
א טײל פון דער שאָ .

ס'איז ליב מיר און טײער
צו װיסן בלויז דאָס ,
אז איך בין א צעשטײער
צום גרויסן קאָלאָס .

א שותף א רײכער
צום גרויסן געשעפט ,
א טײלכל א גלײכער
צום לעבן באהעפט .

שלעכט איז דעם דאָרן
ער האָט ניט קײן פרײד ,
ער האָט דורך די יאָרן
קײן קערנער געזײט .

װער ס'לעבט נאָר בלויז סטאם
מיט קײנעם פארבונדן ,
און האָט אין דעם פלאם
קײן פונקען געצונדן ?.

דער האָט ניט באפרישט
דאָס לעבן מיט זױמען ,
דעם װערט פארװישט
פון לעבן זײן נאָמען .

דערפאר אזוי מונטער
דערפאר אזא פרײד ,
צום פלאקער דעם צונטער
האָב איך אויך געגרײט .

ווען דאָס לעבן וועט שטײגן
מיט זיגן באַקראַנצט ,
וועלן דאָך גײן מײנע צווײגן
וואָס איך האָב פאַרפלאַנצט .

ווען אײן בלויע פאַרטאָגן
באַם פרײלאכן שײטער ,
וועט יונגט דאָך טראָגן
מײן לעבן אף ווײטער .

ווען שפּיל שוין עס רוט
מײן ברעקל געבײן ,
וועט אף אײן מצנוט
מײן לעבן ניט פאַרגײן .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . .

. . . . .

. . .

# אפטימיזם

## דער איינדרוק פון דער סאוועטישער פילם
## דער נירענבערגער פראצעס

---

אין מינוטן אין שווערע
ווער איך ניט פארלוירן
ס׳שוועבן בילדער גאנץ קלארע
פונעם נייעם געבוירן .

שווער איז צו זייען
שווער איז צו פלאנצן ,
שווער זיינען די ווייען
פונעם לעבן אין גאנצן .

ווייען פון אומקום
פארשווינדן , ניט ווערן ,
וואס בריינגען פארצווייפלונג
און פירן צו טרערן .

דאס מוז מען דורכגיין
אינעם לעבנ׳ס געלויף ,
פרייד און געוויין
באם אנהויב און סוף .

ניטא אזא קראמפ
נאטור איינצוצאמען ,
זי פארניכטעט און שאפט
און אלץ ניט צוזאמען .

אויב ס׳איז א פרייד
די ווייען פון ווערן ,
דארף אויך דער טויט
ניט בריינגען קיין טרערן.

# אָפּטאָמיזם

דער איינדרוק פון דער סאָוועטישער פילם
„דער נירענבערגער מישפּט"

---

אין מינוטן אין שווערע
ווער איך ניט פארלוירן
ס'שוועבן בילדער גאנץ קלאָרע
פונעם נייעם געבוירן.

שווער איז צו זייען
שווער איז צו פלאנצן,
שווער זיינען די ווייען
פונעם לעבן אין גאנצן.

ווייען פון אוסקוס
פארשווינדן, ניט ווערן
וואָס ברייגגען פארצווייפלונג
און פירן צו טרערן.

דאָס מוז מען דורכגיין
אינעם לעבנ'ס געלויף,
פרייד און געוויין
באם אָנהויב און סאָף.

ניטאָ אזא קראפט
נאטור איינצוצאמען,
זי פארניכטעט און שאפט
און אלץ גייט צוזאמען.

אויב ס'איז א פרייד
די ווייען פון ווערן,
דארף אויך דער טויט
ניט ברייגגען קיין טרערן.

נאָר שווער איז צו פאַרטראָגן
די לעבנס פאַרוויסטע,
דאָס האַרץ זי מוז קלאָגן
אָף טויטן אומזיסטע.

טויטן צו פריע
טויטן דורך צוואַנגען,
דורך נאַצישער כאַיע
אין יעסורים פאַרגאַנגען.

ס'האָט סאָוועטישער פילם
געוויזן די בילדער,
די שרעקלעכע גרוילן
פון דער כאַיע דער ווילדער.

די נאַצישע באַנדע
מיט גערינג און העס,
די מערדער קאָמאַנדע
באַם גרויסן פּראָצעס.

מיט ווילדער אַקשאָנעס
ווי כאַיעס געפאַנגען,
און מיליאָנען קאָרבאָנעס
זײַנען ווי אידעס געגאַנגען.

מיליאָנען סקעלעטן
הורבעס מיט בײַנער,
קאַסטן נאָך קאַסטן
געריסענע צײַנער.

קערפּערס צעשניטענע
שעפּלען מיט קעפּ,
פון פרויען געליטענע
פאַרפלאָכטענע צעפּ.

נאָר שווער איז צו פֿאַרטראָגן
די לעבנס פֿאַרוויסטע,
דאָס האַרץ זי מוז קלאָגן
אױף טויטן אומזיסטע.

טויטן צו פֿריִע
טויטן דורך צוואַנגען,
דורך נאַצישער כאַיע
אין יעסורים פֿאַרגאַנגען.

ס'האָט סאָוועטישער פֿילם
געוויזן די בילדער,
די שרעקלאַכע גרוילן
פֿון דער כאַיע דער ווילדער.

די נאַצישע באַנדע
מיט געריננ און העס,
די מערדער קאָמאַנדע
באַם גרויסן פּראָצעס.

מיט ווילדער אַקשאָנעס
ווי כאַיעס געפֿאַנגען,
און מיליאָנען קאָרבאָנעס
זײַנען ווי אײדעס געגאַנגען.

מיליאָנען סקעלעטן
הורבעס מיט בײַנער,
קאָפּן נאָך קאָפּן
געריסענע צײַנער.

קערפּערס צעשניטענע
שעפּלען מיט קעפּ,
פֿון פֿרויען געליטענע
פֿאַרפֿלאָכטענע צעפּ.

קערפערס צעפרעסענע
פון נאצישן מאָרט ,
מאמעס פארפייניגטע
מיט די קינדער אין אָרים .

מען דארף זיין פון אייזן
מיט הערצער פון שטאָל ,
צו קענען דערהייזן
אלץ צו זען מיט אמאָל .

עס שפארן די טרערן
צום האלדז ווי א קנויל ,
פינצטער עס ווערן —
די אויגן, פונעם גרויל .

פון דער פינצטערער כמארע געדיכטער
בליצט אויף א שיין פון נעכטמע ,
מיט שטאָלץ שטייט דער סאָוועטישער ריכטער
פאָדערט און רופט צו נעקאָמע .

סאָוועטן , איר האָט זיך אונז געבראכט
זייט געבענטשט זייט געגרויסט ,
פאר די וואָס האָבן געשאפן די נאציישע מאכט
עס בילט זיך א מאכטיגער פויסט .

ניין , אין האָלקנס אין שווערע
קען ניט ווערן פארלוירן ,
די צייכנס די קלאָרע
פונעם נייעם געבוירן .

קערפערס צעפרעסענע
פון נאציישן שטערעם,
מאמעס פארפייניקטע
מיט די קינדער אין אָרעם .

מען דארף זיין פון אייזן
מיט הערצער פון שטאָל ,
צו קענען דערווייזן
אלץ צו זען מיט אמאָל .

עס שפארן די טרערן
צום האלדז ווי א קנויל ,
פינצטער עס ווערן —
די אויגן, פונעם גרויל .

פון דער פינצטערער כמארע געדיכטער
בליצט אויף א שיין פון נעכאָמע ,
מיט שטאָלץ שטייט סאָוועטישער ריכטער
פאָדערט און רופט צו נעקאָמע .

סאָוועטן ! איר האָט זיג אונדז געבראכט
זייט געבענטשט זייט געגריסט ,
פאר די וואָס האָבן געשאפן די נאצישע מאכט
עס בלייבט זיך א מאכטיגער פויסט .

ניין ! אין וואָלקנס אין שטערע
קען ניט ווערן פארלוירן ,
די צייכנס די קלאָרע
פונעם נייעם געבוירן ...

# צו די מערדער פון מיין פאלק און קלאס

---

איך וועל קיין קאדעש ניט זאגן
ניט זיצן קיין שיווע מיט באזאקנטע פיס ,
זאלן די קלאג ווייבער קלאגן
איך, וועל אויסשרייען צום מערדער
ווער שולדיק עס איז .

דו האסט מיט מענטשלאכע בלוט געהאנדלט
דורך דוירעס האסטו לעבנס פארצוקט ,
האסט די וועלט אין א שעכט הויז פארוואנדלט
ס'האט נאך דיין קארבן פאר דיר זיך געבוקט .

ווי א כאיע פארצוקט און פארשניטן
אונזערע סאציאליסטע זין און טעכטער ,
זייער בלוט אף גאלדענע רענדלאך צעביטן
פאר פרייד אז געקייכט פון געלעכטער .

איך וועל ניט פארשווייגן דיין שמוציגן נאמען
וואס שפריט פארגיפטונג און האס ,
פון פאלק אף פאלק פירסטו פאגראמען
דו ! קאפיטאליסטישער קלאס .

דייטשן, פראנצויזן, איינגלאנד, אמעריקאנער
פאשיסטישע באצווינגער פון וועלט ,
אין פיראטן באנדע אונטער איין באנער
צו רויבן און מארדן אלץ צוליב געלט .

וואשינגטאן, לאנדאן, פאריז, און בערלין
באצייכנט די מאפע אין שווארץ ,
די נעץ איז צעריסן ס'ציטערט די שפין
מאטקאע, זי שטעכט איך אין הארץ .

דיין פארלוסט האט שטארק דיר פארדראסן
פיראטן שיף געגומען האט זינקען ,
האסטו באשטימט און באשלאסן
די וועלט אין איר בלוט צו דערטרינקען .

אלע פֿינצטערע קויכעס געשטעלט אין געשפּאַן
געשאַפֿן געווער פֿאַר פֿאַרניכטונג און טויט ,
דײַטשלאַנד, פּוילן, פֿינלאַנד, יאַפּאַן
ארום די סאָוועטן א אײַזערנע קייט .

היטלער דײַן קאַפּיטאַן פֿון פּיראַטן
דו האָסט אים מיט גוואַלדע געפּאַנצערט ,
געבענטשט זײַנע בלוטיגע טאַטן
אין זײַן „קאַמף" דײַן האָפֿענונג געאַנקערט .

האָסט געהאַט דעם פּוילן בעטאָכן
אַז פֿעלקער וועלן ווערן דײַן שטויב ,
סאָוועטן פֿאַרבאַנד וועט ווערן צעבראָכן
און דו וועסט פֿאַרשלינגען דײַן רויב .

דער געבאָט איז געווען רויב און פּלינדער
שעכטן נאָר אָן ראַכמאָנעס ,
טאַטעס מאַמעס זקײנים און קינדער
אין קרעמאַטאָריעס פֿאַרברענט די קאָרבאָנעס .

איז אָבער קיין אָפּמאַך באַם רויבער טיראַן ,
ניטאָ דאָרט קיין וואָרט און קיין גלויבן ,
קאָם איז רויב נאָר פֿאַראַן
וועט רויבער דעם רויבער באַרויבן .

אײַן רויבער דערפֿילט האָט זיך שטאַרק
מיטן קויאַך וואָס געקראָגן באַם צווייטן ,
געגעבן דעם צווייטן אין קאַרק
אַליין אַף אַלץ זיך צעשפּרייטן .

די סאָוועטן פּרינציפּ דערקלערט
ווען דו האָסט דאָס געדאַרפֿט ,
און מיט מינע דײַן בײַקס און דײַן שווערד
געגן די סאָוועטן געצילט און געשאַרפֿט .

האט דער מארש פון דער רויטער ארמיי
דיין פינצטערן כאַלעם צעשטערט ,
און איצט, ווינד איז דיר ווי
קענסטו ניט באַהערשן די ערד .

דו האסט די מילכאַמע פארלוירן
געעפנט דיין טיר פאר נאַצישע געסט ,
ס'איז אמעריקע איצטער געוואָרן
פאר אלע פאשיסטן א זיכערע נעסט .

ס'האָבן פעלקער דערזען דיין העסלאכע צורע
לאָנדאָן, און דיסטריקט אָף קאָלומביע ,
האָט טראשעט דער וועלט מיט בייזער גזוירע
צו פארניכטן מיט אטאָמישער באָמבע .

ס'וועט דיר ניט העלפן דיין ציען די גלאָקן
און שפרייטן דיין גיפטיגן סאם ,
ס'האָבן זיך פעלקער פאר דיר ניט דערשראָקן
און ברעכן דיין אייזערנעם צאם .

כאָטש עס ווייטאָקט דאָס הארץ פון ראכמאָנעס
אָף די לעבנס וואָס דו האָסט אומגעבראכט ,
באַקלאָג איך ניט די מיליאָנען קאָרבאָנעס
איצט, ווען מען רופט אונז אין שלאכט .

זאָלן קלאָג ווייבער זאָגן די קינעס
אויפן כורבן פון דאָרף און פון שטאָט ,
ווי סאָרע באס סויזים פארפאסן זיי טכינעס
און שרייען א קאדעש צו גאָט .

איך שיק ניט קיין טפילעס אין הימל געצעלט
צו א גאָט וואָס קען די בעסטיע ניט צאמען
און אויב ס'וואָלט געווען אזא גאָט אָף דער וועלט
וואָלט איך אים פארשעלטן פארדאמען .

! א צײט אזא !

איך װיל ניט זײן קײן האַרפע
אײכעט ניט קײן פלײט ,
נאָר מײנע הענט צװײ שװערדן שאַרפע
מײן גאָרגל א טראָמפּײט .

װער דאַרף דען איצט א פידל ?
אין א צײט פון מאָרד און האַס ,
און ברומען שפּיל א לידל
אף מײן אלטן באַס .

די צײט איז איצט ניט רײף
פאַר צאַרטע שײנע לידער ,
װען טאַליען מיט מעסער און שלײף
פאַרטיליגט מײנע ברידער .

עס שמאַכט מײן ברודער אינטער צאַמען
באַװאַכט פון בריטישן סאָלדאַט ,
און װערט געיאָגט אף אלע יאַמען
הײמלאָז נאַקעט נאַװענאַד .

מען װעט דעם סוינע ניט פאַרטרײבן
מיא פידלען און מיט האַרפן ,
זאָל טראָמפּײטן—שאַל די קױכעס קלױבן
אין פאַרטײדיגונג זיך װאַרפן .

זאָלן הענט איצט שװערדן װערן
געבײלטער פױסט זײן גרײט ,
זאָל יעדעס האַרץ א שװאוע שװערן
פאַר פאַשיסטן, א טויט ! א טויט !

איך קען קײן האַרפע איצט ניט זײן
און זינגען שײנע לידער ,
װען עס ראַנגלען זיך אין פּײן
מײנע שװעסטער מײנע ברידער .

# „מוזע"

דאָװיד עדלשטאַט דער זינגער
איז מיט איר געװען באַקאַנט,
און אױב זי האָט צױבער פֿינגער
האָט זי אײַכעט דאָך אַ האַנט.

װײַזן מאַכט זי דאָך געװיס
צו יעכידים בלױז געצײלטע,
האָט זי דאָך מיסטאַמע ניט
צו גײן צו אירע אױסדערװײלטע.

װי קוקט זי אױס?
װײַס, צי שװאַרץ?
צי קלײן צי גרױס?
אַ קאָפּ? אַ האַרץ?

איז זי אַ צערטלאַכע מאַמע
מיט אַ ליבן מאַמע שעיט,
דיכטער װײסן מינאַטאַטע
גאָר זאָגן אונז ניט אױס.

ניט אײנמאָל האָב איך איר געבעטן
זי זאָל מיר שענקען אַ װיזיט,
אױך מײַן שװעל אַריבערטרעטן
און באַלײַכטן מײַנע טריט.

גאָר זי הערט מיך ניט אַפּילע
און קען אַפּילע ניט זײַן טױב,
ס'איז נוצלאָז, װי צו גאָט אַ טפּילע
צום גאָרנישט, זינגענדיק אַ לױב.

און זײַענדיק קלאָר און ניכטער
איז מיר קײן פֿליגלען ניט באַשערט,
כ'קען דערפֿאַר ניט זײַן קײן דיכטער
און מוז בלױז שפּאַנען אַף דער ערד.

## יוגנט געדאנקען . „שקלאפן"

### מײַן ערשטע ליד געשריבן אין יאר 1901

---

וואס קרעכצט איר, שקלאפן פאסקודנע
איז דען אימיצער שולדיק אין אייער נויט ?
וואס ווייגט איר ווי קלאג-ווייבער נודנע
ווי בעטלערס בעטלט איר ברויט .

עס קוקט דאך פון אייערע אויגן
די שמוציגע בעטלערשע שאנד ,
ווי געבעכדיק איר האלט אויסגעצויגן
א דארע א בעטלערשע האנט .

איך זע אייך טאגטעגלאך אומלויפן
זוכן און קלאפן די טירן ,
פאר הונגער לוין זיך פארקויפן
צו רויבער, באנדיטן, וואמפירן .

אזוי לײַדעט איר הונגער און נויט
און גלויבט אז אזוי איז באשערט ,
אין די הייליגע ביכער דארט שטייט
פון ראט און פון גאלעך געהערט .

רוהיק לאזט איר זיך בארויבן
אן ווידערשטאנד, און אן א פארדראס ,
איר קענט נאך אלץ זיך ניט [illegible]
אז ווען איר ווילט, זייט איר באלעבאס .

אזוי גייט אייער לעבן אריבער
מאכנדיק אנדערע רייך ,
און שטארבט אין פינצטערע גריבער
די וועלט, זי ווייסט ניט פון אייך .

קריכט ארויס פון אײַערע גריבער
הויבט אויף מיט צאָרן די הענט ,
אונזערע שימשן חאַניבער
צעשמעטערט די זײַלן די ווענט .

זײַן זאָל דער צאָרן וואָס גרעסער
פאַרציטערט זאָל ווערן די וועלט,
אויב שטאַרבן?! איז דאָך שענער און בעסער
צו שטאַרבן אין קאַמף ווי א העלד .

# הונגער מארש

## אין דער צייט פון פרעזידענט הואווער .

---

וועלט ! איז שוין פאר מיר נישטאָ קיין ברויט ?
דער שפּײַכלער ליידיק שוין ?
מוז איך מיט א הונגער טויט
אין הונגער אונטערגיין ? .

עס האָבן זאַנגען דאָך געבליט
אף מיין כײליק ערד ,
טאָ וואו איז מיין זאָמער שניט
ווער האָט מיין ברויט פארצערט ? .

זיינען רויבער דען געקומען
אין שפּײַכלער זיך אריינגעריסן ?
און פון דאָרטן צוגענומען
מיין ערלאך דארן ביסן .

וועלט ; דו האָסט מיין ברויט אוועקגענומען
מיט קאַס און צאָרן דער הונגער ברומט ,
ניט צו בעטן בין איך געקומען
נאָר צו נעמען אלץ וואָס מי ר קומט ..

## מײן רעבנס געװיעט

איך װעל אײך דערצײלן א מײסע אצונדער
פון מײנעם א רעבן רעב שעפּסל ,
ער האָט ליב געהאַט דערצײלן מײסעס די קינדער
און האָט אױך ניט פֿײנט געהאַט א שנעפּסל .

א בײדל א קלײנס, דאַר װי א שפּענדל
א שיטערע בערדל װי בא א ציג ,
א דינינקע שטימע, װי בא א הענדל
נאָר קױל־שװאַרצע אױגן מיט פֿײער אין בליק .

מער װי אַלץ האָט ער ליב געהאַט די טױרע
טױרען אין דעם הײליקער ניסן ,
פ׳האָבן די קינדער פאַר אים ניט קײן מױרע
װײל ער האָט זײ קײנמאָל ניט געשמיסן .

קײנמאָל אין קאַס, קײנמאָל קײן קלאָלע
שטענדיג פאַרקלערט און פאַרטראַכט ,
אין טױרע געטאַוכט, זײהאַר, קאַבאָלע
זיך געגריבלט װי טאָג אזױ נאַכט .

מיר זיצן און װאַרטן בא פּענגע געמאַרטע
דער רעבע דאַרף זאָגן דעם שיר ,
זיצט ער און קװעטשט אַף די אידישע צאַרטע
און טוט מיט קײן אײנער קײן ריר .

נאָר טאָ טוט א בליץ אין די אױגן די גרױסע
א פֿײערל פֿול מיט געדולע ,
כ׳װעל אײך אײנס קינדער דערצײלן א מײסע
א עמעסע פֿון אונזער געאולע .

דאָס האָט מיר אַף זיכער דערקלערט
דער הײליקער טיפֿער קאַבאָלע ,
די מײסע האָב איך אױך געהערט
פֿון הײליקן זײדן פֿון שטעטלע .

קינדער, דאָס װאָס איך װעל אײַך זאָגן
פֿאַרשרײַבט זיך אין אײַער זיקאָרן,
װײַל איר װעט דאָס דאַרפֿן דורכטראָגן
אין אײַערע צײַטן און יאָרן.

ס'איז באַשטימט און פֿאַרכאַסמעט די שטראָף
ס'איז גרײט פֿאַר רעשאָים מאַפּעלעס,
אין ניבן װעט קומען דער טאָג
צום לאַנגן צום פֿינצטערן גאָלעס.

ס'קען דער הימל מער ניט דולדן
טאָ דעם גאָלעס טאָ דעם שװערן,
ס'װעלן פֿעלקער צאָלן די שולדן
פֿאַר די טײַכן בלוט און טרערן.

פֿון יעטױמים און אַלמאָנעס
פֿון באַרױבטע אָן אַ שיר,
װאָס געפּײַניקט אָן ראַכמאָנעס
האָט דער רױבער, און געװיר.

ס'װעט די װעלט װאָס ליגט אין װאונדן
שרײַען רופֿן צו נעקאָמע,
און װערן װעט די ערד צעצונדן
אין אַ בלוטיגער מילכאָמע.

ס'װעט דער געהענעם זיך אַנטפּלעקן
דאָ, בײַ אונדז אױף דער ערד,
מיט אַלע גרױלן, מיט אַלע שרעקן
שעכטן װעט דער שװערד.

פֿינצטער װעט דער הימל װערן
ס'װעט זון דאָס פּאָנים זיך פֿאַרדעקן,
ס'װעט לעװאָנע און די שטערן
זיך פֿאַרבאָרגן פֿאַר די שרעקן.

ס'וועלן פויגלען דאן ניט זינגען
שטום דער וואלד אין טויטן שלאף ,
נאר די קלויסטערס וועלן קלינגען
צו דער שכיטע רופן די שאף .

נאר פלוצלונג וועט א שטראל טאן
אין מיזראך זיך א שטערן ,
דער ערשטער שייטער וועט א שאל טאן
און דארט וועט ליכטיק ווערן .

ס'וועט זיך מאשמידאי דערשרעקן
זיין גאנצע פעמשעלע שדים אין קאן ,
ער וועט א פייף טאן, און פון אלע עקן
שדים, שדים, לויפן צו .

ס'וועט דארט געבראכן ווערן
פיילס שווארצע גמאזרע,
און טראגן וועט דער שטערן
צו דער וועלט , די גוטע בשורע .

ס'וועט רוהיק פייל זאך ניט בלייבן
זוכן וועט געקעמטע ,
ער וועט די שווארצע קויכעס קלויבן
פאר א צווייטער וועלט מילכאמע .

ס'וועט דער פייל זיך פארשטעלן
אין א מענטשלאכן געשטאלט ,
וועט צינדן בראנד אף אלע שוועלן
אין שטאט אין דארף, אין פעלד אין וואלד .

נעיג און מאניג וועלן זיך שלאגן
יעדער פאלק מיט ביקס און שווערד ,
פוים מארטיסונג וועט זיך טראגן
אף דער גאנצער ערד .

ס'װעלן פעסטונגען און בריקן
ניט האָבן מער קײן װאַנט ,
צעשמעטערן צעפליקן
װעט זײ די בײזע קראַפט .

נאָר ליכטיק שטערן װעט אַלץ ברענען
מיט זײן ליכט די װעלט באַשײנט ,
ס'װעלן מענטשן זיך דערקענען
און װערן ברידער װערן פרײנט .

ס'װעלן פעלקער זיך פאַראײנען
ס'װעלן זיך סוינים הענט דערלאַנגען ,
אײנעם לעצטן שלאַכט דעם אַלגעמײנעם
קענען טײלס צואַנגען .

צװײטער שיטער װעט דאַן בלאָזן
ס'װעט די ערד זיך טאָן א ריר ,
טאַכנעס , מאַכנעס , װעלן זיך לאָזן
איבער בריקן פון פאַפיר .

בריקן פון אײזן װעט סוינע צערײסן
פון הײלן װעט ער פאַרברענען ,
די פאַפירענע בריקן אײנצובײסן
דאָס װעט דער סוינע ניט קענען .

און מײן רעבנס װערטער
פון צוריק מיט זעכציק יאָרן ,
אָף אונזער ערד צעשמעטערטער
מעקוים איז געװאָרן .

# „אונזער לעבן"

ס'איז יעדער טאָג און יעדער שאָ
אַ פּערל אַף אַ שנור געקליבן ,
און יעדער פּערעלע איז דאָ
אין בוך, פאַרצייכנט און פאַרשריבן .

די פּערל זיינען ניט אַלע גלייך
זיין קאָליר האָט יעדער איינער ,
ליכטיגע, און פאַרבן-רייך
און גרויע, ווי מאַצייווע שטיינער .

אַ זון אויפגאַנג, אַ פּערל גלאַנץ
אַ פאַרגאַנג, אַ בלוטיק שנור ,
נאָך אַ פּערל איינעם קראַנץ
אַרויפגעצויגן אויפן שנור .

אַ שלעכטער בוך-האַלטער פירט דאָס לעבן
ער ווייסט קיין חשבון ניט ,
ער האָט נאָך קיינעם ניט געגעבן
לויט זיין באַרעכטיקטן קרעדיט .

מיט אומרעכט פירט ער דאָס געשעפט
טאָמאָ, אַף גאָט'ס באַראָט ,
און גאַנץ אָפט עס טרעפט
אַז דער לעבן ווערט באַנקראָט .

שווער און בלוטיק ווערן יאָרן
ס'ווערט דאָס לעבן שלעכט ,
און די באַרויבטע קרעדיטאָרן
מאָנען זייער רעכט .

מיר מוזן דעם בוך-האַלטער —
אין האַלדז און נאַקן נעבן ,
און פירן אַליין די ביכער
ווייל נאָר דאַן וועט אונזער לעבן
בליקלאַך זיין, און זיכער .

# טיטוסעס שטראָף

ווען דער רוימישער קריג
האָט געפֿירט דעם זיג —
איינ-לאַנד, באַרויבט און באַצוואונגען ,
האָט זיך באַ טיטוסן דעם קריגער
דעם באַצווינגער און זיגער
אין קאָפּ, א בײזע פֿליג זיך צעזונגען .

האָט מײַן אידישע געשטעטע
מיטן געפּײל און געקעמטע
געטראַכט, אַז די שטראָף איז צו מילד ,
פֿאַרן טוינע וואָס האָט בליענדיגע שטעט —
אין כורבעס פֿאַרוואַנדלט
און מײַן פֿאָלק באַהאַנדלט
פּערדעריש, ברוטאַל, און ווילד .

ווײַל פֿאַר אזא גרויסע זינד
האָט ער דאָך פֿאַרדינט
כאָטש ווײַניגסטנס א לײבן געברום ,
און צום סאָף .
נאַדיר א שטראָף
א שוואַכינקן פֿליגן-געזשום .

נאָר ווי עס ווײַזט אויס
איז די שטראָף טאַקע גרויס
נאָר איך האָב דאָס דאַן ניט פֿאַרשטאַנען ,
נאָר איצט ווײס איך געווײס
אַז דער שטראָף איז
דעם גרעסטע, וואָס אין שטראָף-בוך פֿאַראַנען .

איך האָב קײן שלאַכטן געפֿירט
קײנעם ניט באַרירט
קײן פֿעלקער און לענדער באַצוואונגען ,
און דאָך מיט אמאָל
האָט דער זשומענדיגער קאָל
באַ מיר אין קאָפּ זיך צעזונגען .

דאָס האָט מײַן לעבן צעבראָכן
פּײַנפֿולע יאָרן כאַדאָשים און װאָכן
קײן הילף און קײן רו ניט געפֿונען ,
פֿון אַלע דאָקטױרים און פּראָפֿעסאָרן
איז מיר בעסער ניט געװאָרן
ס'האָבן זיך פֿינצטערע געדאַנקען געשפּונען .

פֿון מעטיקײַט באַרױבט
דאָס געהער שױן פֿאַרטױבט
פֿאַרשװאונדן איז פֿון מיר דער שלאָף ,
ניט געקענט שױן מער קלערן
אַז עס זאָל בעסער װערן
פֿאַר די אױגן געשװעבט האָט דער סוף .

קײן הילף מער ניט געזוכט
ס'האָט זיך געדוכט
אַז אױסגעטריקנט איז דער לעבנס קװאַל ,
איז דאָס צו אונזערע קינדער דערגאַנגען
און ס'האָט גענומען הילף דערלאַנגען
מײַן ליבער זון , מײַן דאָקטער מאַל .

כאָטש ניט אין גאַנצן שטיל געמאַכט
אַ שטילער גערױש סײַ טאָג סײַ נאַכט
האַלט נאָך אַלץ אין זשומען ,
איז אָבער בעסער מיר געװאָרן
דאָס גלײַכגעװיכט דאָך ניט פֿאַרלױרן
און צו זיך געקומען .

ס'האָט אײביגע ליבע זיך האַרצן פֿאַרקליבן
צו מײַן דאָקטער צו מײַן ליבן
פֿול מיט איבערגעגעבנקײט און דאַנק ,
פֿאַר מײַן פֿרײלאַכן געמיט
פֿאַר מײַן לעבן ,פֿאַר מײַן ליד
פֿאַר מײַן װײַטערדיקן גאַנג .

## פארצווייפלונגס געדאנקען

וועלט ! איך בין שוין זאט מיט דיר
גענוג ; עס קערט מיר שוין צוריק ,
נאר מיט צארעס שפייזט מיר
נישטא קיין ברעקל גליק .

אף דיין שיינער גרויסער ערד
מיט איר גאנצן גלאנץ ,
טאנצט דער טייוול מיט זיין שווערד
דעם שווארצן טויטן טאנץ .

די זון דיין שענסטער פראכט
זי ווארעמט ניט , איך פיל נאר איר ברען ,
זי האט מיר קיין גליק ניט געבראכט
מיין אויג וויל איר מער ניט זען .

און איך זאג דיר אפן פריי
איך האס דיר וועלט , מיט דיינע ליידן ,
און מיט א העקלדיגן שפיי
וועל איך פון דיר זיך שיידן .

# צום יאם

טראָג מיך, טראָג מיך, שיפל מײן
נעם מיר צו פון ברעג,
אין שטורעמדיגן יאם ארײן
טראָג מיך שנעל אװעק.

טראָג מיך אין דעם פרײען יאם
מיט כװאַליעס ברײט צעגאָסן,
װוּ עס איז נישטאָ קײן צאַם
און אויך קײן טיר פארשלאָסן.

אנטלויפן װיל איך פון דער ערד
מיט טרערן און בלוט פארפלעקט,
דורך הונגער, ביקס און שװערד
מיט מײטים פול באדעקט.

פארשטעלט פארצאַמט מיט טורמע װענט
קײן פרײער פלאַץ פאראַן,
פון רויבערישע הענט
פארכאַפּט איז יעדער שפּאַן.

באָס, לענדלאָרד, און פריסט דעם שװארצן
מיט רויבערישע הענט,
זאָגן זײגן שװײס, און בלוט פון הארצן
און צאַפּן גרויסע רענט.

װוּ אַ אויג, דאָרט אַ טרער
קײן פרײד ניט מער צו קריגן,
ערד! איך װיל אָף דיר ניט לעבן מער
און אויך אין דיר ניט ליגן.

טראָג מיך שיפל װינטיק
אין טיפן יאם ארײן,
און זאָלן כװאליעס ברויזנדיק
אויך מײן קײװער זײן.

## דאָס לעבן

---

א מאַזל טאָף , א בריס
א כאַסענע , לעכיים מאַכט שעהאַקל ,
און פלוצלונג ציט מען אויס די פיס
און דאָס איז דער סאַכאַקל .

וואָס איז דער לעבן גאָר אין גאַנצן ?
א נאַריש קורצער שפּיל ,
נאָר איינעם ווילט זיך ליאַרמען גלאַנצן
און איינער מאַכט דאָס שפּיל .

איינער אָרעם , איינער רייך ,
איינער אין יאָך , איינער אין רו ,
נאָר ביידע ווערן גלייך אַף גלייך
ווען די אויגן זיינען צו .

## [illegible] אוילעם

דו בינסט אייביק, בינסט שרעקלאך, בינסט גרויס
דו שטעט שטאָט פון בערגלאך און שטיינער ,
טיף אין דיין ערדערנעם שויס
באהאלטסטו מיין זיינעלעס ביינער .

בינסט שטיל רוהיק אין סוידעס געהילט
אין געהיימע כאלוימעס פארטראכט ,
נאָר דיינע געדערם זיינען געפילט
מיט קערפערס פון מענטשן אסאך .

ווי א ריזיגער שטייסטו און וואַרטסט
צו ריבן נאָר אָן ראכמאָנעס ,
ווי א הונגעריגע כאיע גארסטו און גארסט
נאָך ניע און פרישע קאָרבאָנעס .

נישט נויטיק דיר קעמפן זיך יאָגן
זיכער בינסטו מיט דיין רויב ,
מען ברענגט דיר קאָרבאָנעס צוטראָגן
מען קושט נאָך מיט טרערן דיין שטויב .

דו שטאָט פון בערגלאך און שטיינער
פאר איין זאך נאָר קומט דיר קרעדיט ,
עס קריגט זיך בא דיר דאָ נים קיינער
דיינע איינוואוינער שלאָגן זיך נים .

## די קלײנע שװארצע מעי

מיט טרערן און געװײן
מיט א יאָמערדיק געשרײ ,
קומט אין הויז צעגײן
די קלײנע שװארצע מעי .

מיט טרערן אין איר קאָל
נעמט זי זיך באקלאָגן ,
זײ האָבן מיר שוין נאָכאמאָל
װידער הײנט געשלאָגן .

זײ שלאָגן מיר , עס טוט מיר װײ
כ'קען זיך ניט שפּילן גאנצע טעג ,
שװארצער טײװל שרײען זײ
און יאָגן מיך אװעק .

דער פּאפּא רײניקט אויס דעם יארד
און מאכט דאָס אזוי שײן ,
אלע קינדער שפּילן זיך דאָרט
נאָר איך קען דאָרט ניט גײן .

מא ! איך קען דאָ מער ניט זײן
פארשפּארט אין הויז א גאנצן טאָג ,
מא , איך בעט דיר מוף ארײן
צוריק אין אונזער בלאָק .

דאָרט געװען א ינגעלע
אזוי גוט צו מיר גערעדט ,
מיט זײנע װײסע הענטעלאך
דעם פּאָנים מיר געגלעט .

איר בענקעניש איר פּײן
אין הארצעלע איז גרויס ,
איר פארװײנטן פּאָנים גראָבט זי אײן
אין דער מאמעס שעיס .

דער מאמען טוט וויי אירע פיסעלאך
פארוואס זי קען זיך דא ניט שפילן ,
און גלעט אירע געקרייזטע הערעלאך
פרובירט איר איינצושפילן .

שפיל מיין קינד ניט זיי קיין זינדער
נאט, ער וויל אזוי ,
מיר אלע זיינען זיינע קינדער
ווייסע שווארצע אלערליי .

נאט , איז אונזער פריינט
ער העלפט אין דער נויט ,
דארפסט דאנקען נאט מיר האבן היינט
צו זאט א שטיקל ברויט .

איך האב איס פיינט דעם שלעכטן נאט !
זאגט דאס קינד ניט פיל געטראכט ,
איך האס איס ! וויל ער האט
מיין פאנים שווארץ געמאכט .

דו זאגסט איך זאל ניט זיין קיין זינדער
נאט איז אונזער פריינט ? ,
פארוואס האבן זיינע ווייסע קינדער
אונז שווארצע אזוי פיינט ? !

איר מאמע ווערט צעמישט
זי האט קיין ווערטער מער ,
בלייבט שטיל און ענטפערט ניט
נאר אף איר פאנים קייקלט זיך א טרער .

## „עוואלוציע"

### געשריבן אין דער צייט פון מאנקי טרייעל אין טענעסי

מענטש! א פראגע פרעג איך ניט קיין נייע
א ענטפער וויל איך קריגן,
דארווין זאגט דו בינסט א כאיע
ברייען זאגט ס'איז ליגן.

פון וואנען דו בינסט געשאפן
שווער איז צו פארשטיין,
דארווין זאגט דו שטאמסט פון אפן
דער פריסטער זאגט: פון גאט אליין.

נאר ווען איך קוק זיך אין דיר איין
קען איך ניט גלויבן ביידע,
נישט גאט ניט כאיע קענען זיין
דיין עלטער עלטער זיידע.

בינסטו טאקע גאטס א קינד?
לויט זיין הייליגן געשטאלט?
ניין! בינסט ליגנער, רויבער, פול מיט זינד
איך לייקן דאס דיר באלד.

צום גאט אויך אזויני דו?
איז ער אייכעט א פארעטער?
נעמט ער אויך דעם ביסן צו
בא זיינע שכנים געטער?.

נאר גאט איז א שלעכטער אן א שיר
מיט קאס און צארן אויפגעבראכט,
דאס איז ער געראטן מענטש אין דיר
וויל דו האסט אים געמאכט.

זאָל איך ווידער גלויבן
אַז דאַרווין האָט רעכט געהאַט ? .
טאָ וועלכע כאַיע ניט דאָס רויבן
ווען זי איז נאָר זאַט ! .

מאָרד, רויב, געזעצלאַך שיין
דאָס זאָגטמן איז דער גרונט ,
אַ קאַפּאָריע מענטשן גיין
פאַרן ערגסטן הונט ....

איך קען דאָס ניט דערקלערן
וואָס דער נאָמען מענטש בעדײַט ,
מענטשן , דאַרפן ערשט נאָך ווערן
עפּשער מיט דער צײַט ....

## „צום קאמף"

געשריבן אין אקטאבער 1917 אונטערן איינדרוק פונעם סאָוועטישן זיג.

געזונגען באם געזאנג פאריין מיט דער מוזיק פון דער „טאָרעאַדאָר ליד" פון דער אפערא קארמען.

שטייט אויף! שטייט אויף!
שטייט אויף עס איז שוין צייט,
הערט דעם רוף
פון נאכט און פון נויט
הערט איר דען ניט
דעם קעמפערס געשריי?
הערט איר ניט די שטארקע שטאלצע טריט
פון דער רויטער ארמיי?.

הערט עס שלאגט
דער זיגרייכער טראמפייט
די פאָן זי שטראלט
זי בלוט איז זי רויט,
און צום קריג
רופט דער געשריי
און ער פירט מיט שנעלע טריט צום זיג
דער פרייהייט'ס ארמיי.

שנעלער קומט צום קאמף
מיט די מיליאנען
כאווײרים, שנעלער קומט מיט מוט,
לאמיר שטירצן אונזערע סוינים
וועלכע דורשטן נאך אונזער בלוט
אהער, קומט יעדער,
שטייט גרייט, צום שטורם,
צום שטורם.

( צוזינג )

ברידער און שוועסטער איר ליידנדע קנעכט
קומט צום קאמף פאר פרייהייט און רעכט
צערייסט די קייטן פון אייערע הענט ,
דערקלערט די טיראנען א קריג ,
צעברעכט די באסטילעס די בלוטיגע ווענט
און מאכט פריי דעם וועג צום גליק ..

הערט עס קראכט !
עס קראכט טראָן נאָך טראָן
עס פאלט די מאכט
פון שווארצן נאָט מאָטן
און עס שאלט
דעם קעמפערס געשריי
און די פרייהייט פאָן אין האנט ער האלט
און קעמפט מיט זיי ,

און ער גייט
דער העלד פון לאנד צו לאנד
ליכטיקייט ער שפרייט
מיט זיין שטארקער האנט
און זיין רוף
זיין פרייער פאָן
רופט און וועקט אונז
שטייט צום קאמף שוין אויף
אונטער דער רויטער פאָן ,
עס פאלט די מאכט
פון די באנדיטן
און געקומען איז שוין זייער צייט ,
די וואָס האָבן אייביק שטום געליטן
האָבן איצטער זיך שוין דאָך באפרייט
דורך קאמף, צום זיג,
צו פרייהייט , צום גליק, צום גליק ...

( צוזינג )

# „געבורט פון רויטן קינד"

געשריבן אין שיקאגא פאר דער לעבעדיגער צייטונג
אנגעפירט פונעם וועסט סייד ברענטש פון דער קאמ. פאר,
לעקאוועד דעם 10 טן יובעליי פון דער סאוועטישער
מעלוכע .

---

א שווארצע און פינצטערע נאכט
מיט וואלקנס דער הימל פארשטעלט ,
עס שטורעמט, עס בליצט, עס קראכט
עס ציטערט עס שוידערט די וועלט .

עס לויפן פעלקער נאציאנען
פארצווייפלט פון צארן און שרעק ,
עס קראכן ביקסן קאנאנען
מיט בלוט , איז פארפלייצט זייער וועג .

ניטא מער קיין פענימער מילדע
אין די אויגן א פייער נאר ברענט ,
ס'פליען אום מענטשן ווי ווילדע
מיט שווערד און מיט ביקס אין די הענט .

שטעט דערפער און ערד
פארברענט צעריסן פארוויסט ,
עס בושועט דער שפיז און דער שווערד
בלוט ; עס גיסט זיך און גיסט .

ווי שלאנגען און ווי ווערים
קעמפן פעלקער זייער קאמף ,
טיף אין דער ערד'ס געדערים
הערט זיך דער געסיטע קראמף .

און דער שרעקלאכער שווארצער טוים
אין דער פינצטער גיט און גיט .

נאר אין דער שווארצער שטורעם נאכט
האט פלוצלונג ווער א ליכט געבראכט .
און אף די בורזשעסדיקע ווענט
גייען שוימרים מיט ליכט אין די הענט .

פארזיכטיק און שטארק געהיט
גייען זיי דארט טריט בא טריט
און נאכ'ן שיין פון ליכט איך גיי
כ'דערנענטער זיך צו זיי
און קום אף זייער וועג
און טרעג, און פרעג ,

זאגט מיר שוימרים זאגט מיר איר היטער
טרעגער פון ליכט און פון שיין ,
וועמען היט איר דא אין בייז געוויטער
זאגט : וואס וועט דא זיין ? .

זאגט : וואס זינגען די געשרייען
דאס יאמערלאך געוויין ,
צי ווערט אין קראמפנדיקע וויען
די וועלט שוין אונטערגיין ? .

און איינער פון די וועכטער
מיט א שטראלנד מוטיקן געזיכט ,
מיט זיין האנט דער רעכטער
הויבט ער העכער אויף זיין ליכט .

אין אט דער פינצטערניש געדיכטער
שנייד זיין ליכט אריין ,
און טויזנטער געזיכטער
דערזע איך אין זיין שיין .

און מיר שטייען אלע דארט
און ווארטן אף זיין ווארט .

און ער הויבט אונדז אָן צו זאָגן
מיט זײַן שטאַרקן קול ,
זײַנע ווערטער ווערט צעטראָגן
איבער באַרג און טאָל .

הערט ! כאַווײרים , מענטשן קינדער
קינדער פֿון אײן מאַמען ,
פֿאַרזאַמלט זיך אַמער געשווינדער
פֿעלקער ראַסן קומט צוזאַמען .

גענוג געשלאָגן שוין געוואָרן
פֿאַרן קאַפּיטאַל און טראָן ,
אַ רויטע קינד ווערט הײַנט געבאָרן
דערוואַכט !! דער טאָג קומט אָן .

אין קראַמפּנדיקע ווײען
פֿאַטערט זיך די וועלט אַצונד ,
פֿון איר לײַב עס רײַסט זיך שוין
דורך בלוט , דאָס רויטע קינד .

אין מיזראַך הויבט אָן ברענען
פֿאַרשוואונדן ווערט די נאַכט ,
אונדזער גרויסער כאַווער לענין
האָט דאָס רויטע קינד צו אונדז געבראַכט .

און זײַן שטימע לאָזט זיך הערן
איבער יעדן לאַנד ,
דעם ליכטיקן מאָרגן-שטערן
טראָגט ער אין זײַן האַנט .

מיט פֿײַערדיקע שטראַלן
וואַרפֿט דער ליכטיקער שטערן
און וואו נאָר זײַנע פֿונקען פֿאַלן
דאָרט מוז ליכטיק ווערן .

און פון לענדער איבער ימען
שווארצע , געלע , שוין צוזאמען
מיט איין ווילן און באגערן ,
צו פארניכטן און פארצאמען
אָט די שטארקע רויטע פלאמען
פון דעם מאָרגן – שטערן .

און דאָס רויטע קינד ער שטייט
צו באגעגענען איז ער גרייט
די ווייסע שווארצע געלע הינט ,
און פלוצלונג א יעלעלע
א לויטעניש א בעהעלע
א פינצטערע מאפעלע
כאפן זיי פון רויטן קינד .

און מיט ראשע טריט און שנעלע
טראָגט ער ליכט פון ברעג ביז ברעג ,
און די שווארצע ווייסע געלע
ציטערן פאר שרעק .

געצייכנט האָט דער רויטער שטערן
אף זיין פאָן דעם שיינעם ארב ,
ניט קיין אָדלערס ניט קיין בערן
נאָר א האמער מיט א סערפ .

דער סערפ ער וועט אויסשניידן
אלע דערנער פונעם פעלד ,
פון הונגער און פון ליידן
באפרייען וועט די וועלט .

דער האמער וועט צעשטויסן
קאפיטאל׳ס מאכטקין טראָן ,
דעם גוילטאָט אָט דעם גרויסן –
בלוטיקן גאָט מאמאָן .

און באפרייט שוין פון די נויטן
צעריסן זיינען קייטן
דורכן טערפ און האמער קלאנג ,
די וועלט א שיין באנייטע
די מענטשהייט א באפרייטע
וועט יובלען מיט געזאנג .

# פערצן יאָר

## צום 14 יאָריקן סטטעטישן יובליי .

צוויי פּיערדיקע שטימעס
אָנגעגליטע , ווי שטאָל אין רויט ,
ציילן סוינים מיט ניטשק
און מיר, מיט הייליקער פֿרייד .

14 יאָריקער רויטער נעצטכן
געליטערט אין בלוט און אין פֿייער ,
קייטן צעריסן , טראָגן געבראָכן
דעם קומענדיקן יובל צעטייער .

נאָך אַטער קלעפּ און עס צעס מאַלן
דער סוינע טאָט אין שוין אַלע טויט ,
נאָך אַטער שטימעס און פֿראַגע זיך צעשאַלן
פֿון אַלמעלטלאַכן יובל די פֿרייד ..

א באגריסונג פון פרייהייט געזאנג פארײן ,און מאנדאלין ארקעסטער , און פרייהייט דראמ. סטודיע, און קינדער כאר . צום 5 טן יובליי פון אונזער פרייהייט .

---

עס האט די וועלט ארומגענומען
א ברויזנדיקער שטורעם ווינט ,
מיט פייער בליץ ביינאכט געקומען
צו אונז, דו קעמפער קינד .

דו האסט די פינצטערניש צעריסן
דיין פייערדיקן ווארט געזאגט ;
מיט פייערדיקע בליצן האסט געשמיסן
די פינצטערניש פאריאגט .

אף שטויב האסטו צעריבן
זשאווער-קייטן אלטע געטער ,
פארניכטעט און פארטריבן
פאלשע פירער און פארעטער .

און אלע שווארצע געלע קויכעס
שטייען איצט צוזאמען ,
טראכטן, ברעכן זיך די מויכעס
ווי דיר דעם וועג פארצאמען .

עס ווערט אלץ גרעסער גרעסער
זייער געסימטע קראמף ,
מיט מעסירעס, בליי, און מעסער
פירן זיי זייער לעצטן קאמף .

ס'איז פיינף יאר שוין היינט
זינטשוען דו קעמפסט מיט זיי ,
און צעשמעטערסט אונזער פיינט
מיט דיין רייזיקער ארמיי .

און היינט אין טאג פון דיין געבוירן
איז שטארק און זיכער דיין באשטאנד ,
עס יובלען זינגען פרייהייטס כוירן
איבערן גאנצן לאנד .

א באגריסונג צו דער פייערונג פונעם צוויי טו״זנטריקן
כארקטער שטערן . געשריבן אין דגיעפרט פעטראווסק
אין יאר 1981

---

צוויי טויזנט שטערנס רויטע
ריזט ז די שטאל געגליט ,
ליכטן שטראלן בריים צעשפרייטע
איבער העלזן פון גראניט .

צוויי טויזנט ? מער נישט ?
זיי קענען דען געציילט גאר ווערן ?
עס זיינען דאך מיליאנען דא
ווייל יעדער ווארט אין דאך א שטערן .

יעדער ווארט א ליכטיק שטראל
יעדער ווארט א פייער פלאם ,
וואס מאכט ליכטיק איבעראל
און ראטעט אויס דעם טאם .

יעדער ווארט אין פול מיט גבאורע
יעדער ווארט א פארטניק ,
אויסבוי ברויז אין יעדער שורע
אין זאווד און אין פאבריק .

יעדער שורע א קאדרע שלאגלער
יעדער ווארט א בריגאדיר ,
וואס יאגט די טעמפן אלץ שנעלער שנעלער
צו דערגרייכן דעם פינף אין פיר .

יעדער ווארט מאכט שטארק און זיכער
יעדער מאזאליסטע האנט ,
וואס בויט און בויט אלץ גיכער גיכער
אונזער איינציג פראלעטאריש לאנד .

טא זיי געגריסט דו העלדן בויער
זיי געגריסט דו רויטער העלד ,
פון דעם ארבעטער און פויער
אף דער גאנצער גרויסער וועלט ..

# דער סאָוועטישער פרויִ א סאלוט .

א באגריסונג ליד לעקטער אונזער ליבן גאסט
לודמילא פאוולישענקא .

---

צו דיר שוועסטער סאוועטישע
אין דײַן פרויִשמארש מיט זיגרײַכע טריט ,
מיט פרעפס מוסקולירטע אטלעטישע
צו דיר זינג איך מײַן ליד .

אף פראנטן מיט שפאנדיצע ריזן
זיך אקפל צו אקפל געשטעלט ,
דו האסט מיט דײַן ארבעט באוויזן
אז דו קענסט בויען און פירן די וועלט .

סוזאסט וועלט דיר פאר דויערס בעגעבן
בלזיין מליכמן , קיטן , און לאסט ,
געשטעלט דיר באם זײַט פונעם לעבן
צום הויז און צום קיך דיר פארקנאסט .

אין רויטער אקטאבער געקומען
די ליכטיקע פרייהייט צעשולט ,
די קייטן און צאמען צענומען
די טירן פארמאכטע צעפראלט .

דו האסט שוין באוויזן דורך יארן
דײַן קויאך , און אויך דײַן פארשטאנד ,
צום מאן א גלײַכער כאווער געווארן
און א ציכטיגער בירגער פון לאנד .

מיט צארטקייט דערציסטו דעם קומענדיקן דור
העלפסט בויען דאס לעבן דעם רײַכן ,
דײַן אויפשטײַג צעבליט זיך פון יאר צו יאר
פיאסט וועלט נאך צו דיר נים קײַן גלײַכן .

דאס ליד פון ארבעט פארצויגן
באם זעג שניידסטו הולץ אזוי ביסיק ,
איבער שטערע מאשינען געבויגן
אלס שלאגלערן ארבעטסטו פלײַסיק .

פירסט טראקטאָר מיט זיכערער האנט
באזאָרגסט דיינע טישן מיט זעט ,
העלפסט אויך רעגירן דיין לאנד
אלס מיטגליד פונעם העכסטן סאָוועט .

ס׳האָט דיין מעכטיקער ריטום צעזונגען
אין קוזניע באם פייער א ליד ,
מיט אָרעמס געשטאָלטע דעם האמער צעשוואונגען
דאָס איינזן צעגליטע דו שמידסט .

בינסט איינגעוועבט אין לעבן דעם נייעם
שניידסט רוימען מיט דיין עראָפּלאן ,
דו פירסט די גאסן טראמווייען
און יאָגסט אויך מיט אימפעט א באן .

צו שטייגן אלץ העכער און העכער
איז דיר פון לאנג שוין געלונגען ,
ס׳האָט שניידערשע מיידל אדעסער
די יאמיקע כוואליעס באצוואונגען .

פירסט שיפן אף כוואליקע וועגן
ס׳פּאָלגט רודער דיין שטאָלצן באפעל ,
דו אנקערסט די שיפן בא ברעגן
מיט קליידער , מיט ווייץ , און מיט מעל .

און איצט ווען די נאצישע כאיע
האָט מיט מאָרד און געפּלינדער ,
פאראז.נרייניגט דיין ערד די געטרייע
און שעכט אויס דיינע טייערע קינדער .

האָסטו זיך גענומען די שווערדן צו שארפן
מיט נעקאָמעדיקן האס ווי א טיגער ,
אף שלאכט פעלדער דיין לעבן געוואָרפן
צוזאמען מיט העלדישע קריגער .

מיר הערן דיין רום אויך פון דאנען
דיין הערטישן קאמף מיט שווערדן בלאנקע ,
אין שנייאיקע וועלדער מיט פארטיזאנען
גייסטו אויך אין שלאכט פארטיזאנקע .

צו דיר מיין שוועסטער סאוועטישע
אין דיין קאמף מיט זיגערישע טריט ,
דיין קאמף קעגן סוינים פארעטערישע
באזינג איך היינט אין מיין ליד .

# א בלומען קראנץ פאר מײן טײערסטן כאװער און לערער

## יעקב שיפער . צום (.10 פון יובעלײ פון זײן שאפן

### אין יאר 1924 אין שיקאגא .

---

צו דײן יאנטעף ליבער שיפער
באגריס איך דיר אצונד ,
זײ געגריסט דו גוטער כאװער
שײנער פראלעטאריער קינד .

נאך באם האמער און דער זעג
האט שוי דײן ליכט פאר אונז געשײנט ,
האסט דאן שוין אױנגעלײגט דײן װעג
אף װעלכן דו גײסט הײנט .

דו אױבסט דײן ארבעט אן
פול מיט קראפט און מוט ,
שײן און שטארק עס קלינגט דײן טאן
אין דײן , פארטירער בלוט .

און דו אקערסט און דו זײסט
מיט שײנע קלאנגען און קלינגסט ,
און װי א העלד מיט שטאלץ דו גײסט
מיט די פרײהײט סאלדאטן און דו זינגסט .

דו גײסט דורך דער פינצטערער נאכט
מיט דײנע פרײהײט לידער ,
און שרײסט דערװאכט ! דערװאכט !
צו דײנע ארבעטער ברידער .

נאר פלוצלונג װערסטו רוהיק מילדער
בײן האשטאטעטריק פארטראכט ,
און דורך קלאנגען טעלטסו בילדער
פון צװישן טאג און נאכט .

נאר דו קענסט ניט זײן קײן מילדער
עס רופט דיך צו דעם שטורעם טאג ,
און מיט שטורעם און געפילדער
ציטטו שטארק דעם פרײהײט גלאק .

און עס קלינגט דײַן שטורעם גלאָק
און וואַרפֿט אַ מוירע אַף די וועלף ,
און דעם רוסישן פֿרײַהײט טאָג
באַזינגסטו אין דײַן „ צוועלף ״ .

דער הימל פֿינצטער שוואַרץ
זינגסטו אין דײַן צוועלעף ליד ,
און אין דײַן קוזניע זינגט מיט האַרץ
דײַן פֿאַרשוויצטער שמיד .

אין דער קוזניע בײַ דעם פֿײַער
שמיסטו טאָג פֿאַר טאָג ,
און דעם קאַמף וואָס איז דיר טײַער
באַזינגסטו אין שטורם גלאָק .

בײַ דעם רויטן פֿײַער פֿלאַם
האָסטו זיך געשטעלט ,
און די „ בעסטיעס ״ מיט דעם טאַט
פֿאַרטריבן , פֿון דער וועלט .

פֿול מיט צאָרן טרײַבסטו זײ
די בעסטיעס , די רעגירער ,
און מיט ליבע און מיט טרײַ
באַקלאַצטסטו אונזער פֿירער .

דו שטײסט די גאַנצע צײַט
און זינגסט פֿון קאַמף אונזער לידער ,
און באַזינגסט דעם גרויסן שטרײַט
פֿון די קאָמאַנדע „ צוויי ברידער ״ .

דער שרײַט , ס'איז מײַן אַשירעס , מײַן געלט
יענער , מײַן שטיט , מײַן בלוט ,
און איצטער ברענט די וועלט
אין דײַן „ פֿײַער גלוט ״ .

און א רויטער פייער בראנד
האט די וועלט ארומגעכאפט ,
אין דיין שטארקער מיטטער האנט
דיין האמערל ער קלאפט .

ני שיין עס קלאפט
דער שטארקער האמער דיינער ,
היט און פלינק זיין מיידל כאפט
דיין פריילאבער ציגיינער .

נאר פלוצלונג האבן זיך צעלאזן
מיט אימפעט און מיט קויאך ,
הילכיק אויפגעטו צו בלאזן
דיין שיינער שעל מעטיאך .

דער שיינער רופט און וועקט
צום גרויסן קאמף פאר גליק און שלעם ,
און מארגט א מוירע און ער שרעקט
דעם ליליט ביינטל , מיט טייטעלים .

צען שיינע יארן האבן ליכט געשפריט
ס)איז יעדער יאר א באפרייונג צייכן
זאל דיין שטימע הויך און ברייט
אלע פרייע דערגרייכן .

הייגט צען יאר שוין איז געווארן
זינט דו שאפסט פאר אונז געזאנג ,
זינג נאך ! זינג נאך ! פילע יארן
יארן , יארן , לאנג .

ארבעט ווייטער מער נים מיד
נים אין גייסט , און נים אין גוף ,
זינג ! און זינג ! דיין שטורעם ליד
זינג ! און וועק ! און רוף ..

# דרײ דירעס

א מאטאנע מײן טײערע כאװערטע פאר איר טעטיקײט אין די שיקער קרײזן , לעקאװעד דער פײערונג פון א.א.ט. באם ארויסשיקן דעם ערשטן טראנספארט געשטריקטע זאקן און סװעטערס, פאר אונזערע קעמפער אף די פראנטן .

---

צװישן פעלדער מיט װײץ און מיט קארן
האט א זאמדיגער װעג זיך געשלײנגלט ,
צום מילנערס הויז האט שטײט שוין פון יארן
מיט גארטן און בוימער בארינגלט .

אויפן בערגל האט די מיל זיך געטורעמט
װי א אָדלער קעגן הימל צעפליגלט ,
דער װאלד האט זײן שײנקײט געפורעמט
אין זילבערנעם טײך זיך געשפיגלט .

פיטאך דעם מילנער זײן װײב מערע זיסל
װער האט דען זײ ניט געקענט ?,
אפן די טיר איז, גרײט אין די שיסל
ברײט זײנען הערצער, און אפן די הענט .

א געסט מיט ליבענדע טויבן
האט געהיטן די מילנערשע הניז ,
די קינדער אף שװעל און דורך שויבן
אף פארבײ-גײער קוקן ארויס .

װען א װאנדערער אויפ פלײצע א פעקל
געבויגן פאמעלאך ער גײט ,
שיקט ארויס א צעבויגענעם שטעקל
װערט באלד אין הויז א פרײד .

א פרײד בא דער מאמען און טאטן
מיטן גאסט, פרײדט זיך יעדעס קינד ,
מען רײנטשט דעם אפגערוסן און זאטן
זײן זאל דאס אים צו געזונט .

2

גים מיט זונעס פרישן גרעניץ
שטיט דארט פון לאנג, פון אמאל ,
א שטעטל גרויס ווי א צעניץ
פארטײעט פארבארגן אין טאל .

מיט כשוד איז באוואכט יעדער שטעגל
ס'איז שטעטל אין שטענדיגן שרעק ,
ווען טאטעס מיט פערדל און וועגל
נאך ברויט זיך געלאזן אין וועג .

צווישן הײזער צעקריכטע אונטער שטרויענע דעכער
איז א שײנע הויז דארט פאראן ,
ס'האט פ״טאך דער סילנער איר ברײטער און העכער
געבויט, פאר זײן טעכטער דעם שײנעם נאדאן .

עס האנדלט דער אײדים מיט וואלד און מיט קארן
ס'פעלט ניט כתלילע קײן גרויס ,
איז די טעכטער א מאמע געווארן
צו אלע הפס זײנען אין נויט .

ער איז באקאנט מיטן טרארע
גאנץ שטאט ער קומט דארט אין הויז ,
איז פאלט ער אריין אין א צארע
לויפט ער און שלעפט אים ארויס .

קימפעטערנס פי אידישע פי גויעס
פאר זײ איז אלעמאל גרײט ,
אײנגעמאכץ פארשידענע אין פלעשיעס
פאר הונגעריגע קינדער א ברויט .

עס קומט ווינטער א אויטן איז קאלט
גרויס איז די קעלט און די נויט ,
באזארגט ער מיט האלץ פונעם וואלד
און זײ, מיט א שוך און א קלײד .

אזוי שפּינט זיך דער פּאָדים
פון דעם פילנערס מי־שבּרכע ,
א פרוכטבארער פלאנץ יעדער קינד
מיט פארנומענע הענט אף די ליפּן א ברכה
זײן זאָל דאָס זײ צו געוווּנט .

8

צוױי דורות האָט צײט שוין פארצערט
דורך מילכאָמעס און בלוטיקע פּאָגראָמען ,
דער דריטער דאָר , אף אמעריקאנישער ערד
שפּינט װײטער דעם גאָלדענעם פּאָדים .

אין דער זאטער דער רײכער מעדינע
פעלט אויך ניט קײן פרעמקײט און נויט ,
ניט אף אלעמען רוט גאָלדענע שכינע
גענוק דאָ, סן א דאך און סן ברויט .

מיט ברידער און שװעסטער געטרײע
אויפן פּיקעט לײן אזױ־א העלד ,
קעגן קאפּיטאליסטישער כאיע
אין קאמף, געטרײ זיך געשטעלט .

אין קאמף געפינט זי איר גליק
פאר גערעכטיקײט , קעמפט זי און מאָנט ,
אין הויז, אויפן גאס , אין פאבריק
צוזאמען מיט קעמפער באַם פראָנט .

זינטען מ׳האָבן פאשיסטישע װאנדאלן
סאָװעטישן גרעניץ איבערגעשפּאנט ,
ברוטאל שוין אײכעט באפאלן
אונזער דעמאָקראטישער לאנד .

איז זי געװאָרן א סאָלדאט א געטרײער
צוזאמען מיט קעמפער אין הײסן געפעכט ,
האָט מער הילף צו שאפן , איז ליב איר און טײער
פארנומען מיט ארבעט די טעג און די נעכט .

מיט וואָל און מיט שפּיזלען
איר האַרץ זיך צעוויליעט —
שטעט בײַ דער ראַדיאָ —
מיט די פּאַטעטישע זינגען אַצונד ,
אַ פּאַרטיקן פּטעטער —
צום האַרצן זי פּוליעס
הילדישער קעמפער !
טראָגן זעלבסט דאָס געזונט .

אוויכטיגער עפּיזאָד. פֿון מײַן פֿאַווערטע ,און מאַמע, אויפּטן אין יאָר 18-19. ווען די אינפֿליזענציע, קראַנקהייט האָט זיך שרעקלאַך, פֿאַרשפּרייט ווי אַ מאַגייפֿע, איבערן לאַנד. מיר זײַנען אויך געווען צווישן די קראַנקע. דריי מיט איין מאָל. ווען מיר זײַנען קאָם מיטן לעבן אַרויס.

מײַן פֿאַהעריטע, און מאַמע, געטרײַע, פֿון אונזערע ליבע קינדערלאַך, איז געווען זייער באַזאָרגט ווען די קינדערס געזונט. זי איז אַוועק אין סקול, וואו אַלע אונזערע קינדער, זײַנען טעגלאַך געגאַן געגאַנגען. און האָט צוגענומען אַלע פֿיר קינדער. דער פֿאַרוואַלטער, (פּרינציפּאַל). האָט זי זייער געשראָקן. אַז מיר וועלן שטאַרק באַשטראָפֿט ווערן. פֿאַרן אַרויס נעמען די קינדער פֿון סקול. אָן די דערלויבעניש, פֿון דער באָרד אָף עדיוקיישן. אָבער זי האָט אים ניט געהערט. און האָט געטאָן, וואָס איר מאַמע האַרץ האָט איר דיקטירט. די קינדער זײַנען געווען צוויי וואָכן אין הויז. ביז די עפּידעמיע, איז געוואָרן אַביסל שטילער.

די מאַמע האָט זיך באַטראַכט, אַז עס איז איצט אַ גינסטיגע צײַט, צו לערנען די קינדער, לייענען און שרײַבן אידיש. אַי פֿון בוך, און אויך אויפֿן פּאַפּיר. וויל אידיש, רײדן קענען זיי. אונזי איז די מאַמע, געוואָרן די קינדערשע ערשטע לערערן. אין אידיש לייענען, און שרײַבן. די אינגערע דריי קינדער. האָט זי, צוגעגרייט, פֿאַר דער אידישער, אַרבעטער רינג שולע. וואו פּסח, באַקאַל, איז דאָן געווען לערער. לייעלע, איז גלייך אַרײַן אין דריטן קלאַס. און ניטעלע, אין צווייטן קלאַס. און דער אינגסטער, דער זעקס יאָריגער פּסחקע, אין ערשטן.

די עלטערע כאַשעלען, האָט די מאַמע אליין געלערנט. ביז כאַשעלע, האָט שוין גוט, געקענט לייענען און שרייבן אידיש.
און איצט, אין יאָר 19–35, איז כאַשעלע, די געזאַנג לערערן.
פון די פראָגרעסיווע קינדער שולן, אין שיקאַגאָ.

שפעטער. נעמט מען כאַשעלען, צו אין נויאָרק, אלס געזאַנג לערערן,
אין קעמפ קינדער לאַנד. און זי ווערט שיפערס, געהילף דירינענט.
און פיאַניסטן. און אויך לערערן מיט די קינדער אין קעמפ.
נאָכן סיזאָן. אין נויאָרק, איז כאַשעלע, שיפערס, געהילף דירינענט.
און פיאַניסטן, אין די כאָרן.
און איצט, ווען די קינדער, זיינען צופאָרן אין אנדערע שטעט.
שרייבן די קינדער צו אונז זייערע בריוו, אין אונזער שיינער
מוטער שפראַך, אידיש. און מיר האָבן גרויס פאַרגעניגן, צו
לייענען זייערע בריוו, אין אידיש.

ק א ו ע ד.

און איצט, ווען אונזער מאַמעס, זיינען באַקריינט, געוואָרן מיטן
קאָוועד, מ א מ ע פאָג. וויל איך אויך געבן מיין כאַווערטע, און
מאַמע, דעם קאָשער פאַרדינטן. קאָוועד. מאַמע געטרייע. צו אלע, קינדער.
נייט נאָר צו אונזערע קינדער אליין. וויל זי איז, די פאַרטרע-
טערן. פון אונזער כאָר. צו די קינדער שולן פון אָרדן. און
אויך פון כאָר. איז, זי די פאַרטרעטערן. צו אלע אונזערע
פראָגרעסיווע, אָרגאַניזאַציעס. וואו אויך אלס פאַרטרעטערן. אויך
פון כאָר. צו אונזער מאָרגן הרייהייט. וואו זי, ווערט באַערט מיטן
קאָוועד, שלאָגלערן. און די מאָרגן פרייהייט גיט איר א וואָך,
וואַקאַציע אין קעמפ. ניט געדיינגעט. איז ניב איך דיר דעם
קאָוועד. געטרייע כאַווערטע און מאַמע. וויל אלץ וואָס דו טוסט,
איז מיט אזוי פיל ליבע. און–איבער געבענהייט.
טאָ זיי, טעטיג. נאָך פאַר פילע יאָרן.

אויך קאָוועד, אייך מאַמעס. און כאַווערטעס. פאַר אייער
איבער געבענהייט, צו אונזער ארבעט.

אייער יצחק, קעריש.

# „בענקשאפט"

געשריבן פאר דער ערשטער פראָגרעסיווער קינדער־שול
געגרינדעט ביים פרייהייט געזאנג פאריין ,אין שיקאגאָ .

---

פריי די וועלט פון פרעסט און שנייען
די לופט איז פול מיט פרייד ,
וואלד און פעלד פארפוצטע שטייען
אין רייך קאָלירטן זומער קלייד .

טייכעלאך זילבערנע רוהיק פליסן
מורמלען א געזאנג ,
צום לעבן און גענימן
ס'וועקט אין הארצן א פארלאנג .

פייגל געזאנג, און בלומען דופט
און קינדער'ס פרייד געשריי ,
דאָס קישעפט וועקט און רופט
צו באהעפטן זיך מיט זיי .

דאָס איז נאָר פאר קינדער רייכע זאטע
פאר אונז נאָר בענקשאפט ווײ ,
הייל אונזערע אָרימע טאטעס
ארבעטן שטענדיק נאָר פאר זיי .

# אויגוסט

יעדער כּײדעש מיט זײַן לעהענע קאַלע
א יאָר, גאַנצע 12 לעהענעס ,
האָסטו אויגוסט מער פון אלע
אונדז געבראַכט מאַטאָנעס

איך האָב דיר אויסדערצײלט
פון אלע 11 ברידער דײַנע ,
זײ האָבן אונדז אײַכעט ניט פֿאַרטײלט
כ׳האָב צו זײ קײן טײנע .

סעפּטעמבער איז אונדז ליב און הײליק
דער ליבסטער פון מאָנאטן ,
ער האָט אין אונדז א גרויסן כּײליק
דעם זון , און אויך דעם טאַטן .

מיר האָבן פאר א צײַט געטראַכט
אַז סעפּטעמבער בלײַבט דער זיגער ,
א מאַטאָנע אונדז געבראַכט
דעם נאָמען שװער און שװיגער .

אָקטאָבער, אינדיאַנער זומער גלאַנץ
געבראַכט אונדז אויך זײַן רום ,
אין אונזער שײנעם לעבנ׳ס קראַנץ
געפֿלאַנצט דעם צאײטן בלום .

דעצעמבער מיט זײַן װינטער פּראַכט
געגעבן האָט אַסאַך ,
מאַמע , באָבע , אונדז געבראַכט
מיט דרײַ זיסע אײניקלאַך .

יאַנואַר, דער ערשטער כּײדעש פונעם יאָר
צים געלדן פֿאָדים אויפן שפּינדל ,
עס קומט צו דזשודעלע צום כאָר
באַרײַכערט דאָס געזינדל .

די ערשטע מאמענע אונז געבראכט
און געגעבן זייער פיל ,
פאר מאמע מאמע אונז געמאכט
האט דער 28 טער אפריל .

מאי צעפריילינגט בוים און בלומען
באפוצט די ערד אין גרין ,
איז א איניקל געקומען
אונזער ליבער זין .

ס'האט זון אין יולי זיך צעצונדן
און געשלאפן א פארבאנד ,
ס'האבן אונזערע קינדער זיך פארבונדן
אין פארשרום שוין זאלבענאנד .

אויגוסט , מיט שעפעדיגער בראכע
פון דיין אייצער פונעם רייכן ,
האסטו געבענטשט אונזער מישפאכע
ס'איז נישטא צו דיר קיין גלייכן .

אויגוסט , מיט דיר מיר זיינע בידע
די ערשטע טריט געגאנגען ,
טאטע מאמע איצט באבע זיידע
צווישן כוטע שפאנגען .

אויגוסט , דו האסט אונז א זון געגעבן
אין אונזער קראנץ א שיינעם פערל ,
און אויך א איניקל זאל לעבן
אונזער זיסע קערל .

דורך יארן האט דעם הארץ געבלוטיקט
מיט שרעק און זייטאק —
נאכן כאמער און מאטן געביינקט ,
האסטו אונז געטרייסט דערמוטיקט
האסט אים ווידער אונז געשיינקט .

אויגוסט , פול מיט שפאס און מיט וואונדער
אונזער לעבנ'ס וועג באצירט ,
אונזערע זיסע ליבע קינדער
אין זייער אייגענער היים אריינגעפירט .

אויגוסט , דו שענסטער רונג פון 12 רינגען ,
פאסטענעס זעלטענע אונז ברענגען ווידער ,
און מיין הארץ מיט פרייד וועט זינגען
פאר דיר די שענסטע לידער .

# מײן לעבנס טאָג .

אַלץ װאָס איך האָב ליב
איז א טײל פון מײן לעבן ,
אַלץ װאָס איך גיב
האָב איך אלעמאָל געגעבן .

מײן פאָלק און אױך מײן קלאַס
װעל איך ליבן ביזן קײװער ,
פאַר סױנים פול מיט האַס
איז מײן יעדער פײער .

מײנע ליבע זײנען
אונזער ברױט און בוך ,
הײלע גאָר פון דאַנען
שעם איך מיך אױך .

עס ליבט מײן האַרץ אַזױ
די װאָס שרײבן לידער ,
און די װאָס זינגען זײ
זײנען מײנע שװעסטער מײנע ברידער .

ס'איז יעדער אַרבעטער מיר טײער
װען אַפילע א פאַרטירטער ,
װײל אין האַרץ עס גליט דער זעלבער פײער
מיט מיר אין פּיקעט לײן שפּאַצירט ער .

מײן יעדער קינד מײן גרעסטע פרײד
דאָס טײערסטע אין מײן לעבן ,
פאַר זײ בין איך שטענדיק גרײט
מײן בלוט אַװעקצוגעבן .

## װידער אויגוסט.

דיר צו דערמאנען
קום איך איצט װידער,
דיר צו באשרײַבן
מיט ליפּסיקע לידער.

דײַנע טעג פול מיט פראכט
זײַנען געפלויגן װי טויבן,
אונדז מטטנעס געבראכט
דורך קינדערשע שויבן.

דײַן 15 טן טאג
װעל איך פארשרײַבן,
דער באנישער יאג
װעט אויף אײביק פארבלײַבן.—

די פרײדיגסטע טעג
פון אונדזערע יארן
װען זיך געלאזן אין װעג
צו די קינדער צו פארן.

איך פארשרײַב דאס באזונדער
מיט גליק און מיט פרײד
געפארן צו קינדער
און ס׳האבן אונדז קינדער באגלײט.

מיט פרײד אײנעם בלוט
דאס הארץ גירברײַרט,
עס קומט די מינוט
די באן האט געריירט.

ס׳שטײַכלט די מאמע
ניט נויטיק קײן שפּראך,
פון גליק מינאטמאטע
טוט מאמע א לאך.

שווער צו באשיידן
דעם גרויסן געפיל ,
דאס קען נאר ריידן
א הארץ אין דער שטיל .

עס שניידט די באן
אין טונקעלער נאכט ,
אין הארץ איז פאראן
אזא ליבטיקער פראכט .

ביים פענצטער די מאמע
ציילט יעדער שפאן ,
צו פאמעלאך מיטאמע
גייט איצט די באן .

מיט בענקשאפט אין די אויגן
פון מאמע א זאג ;
ווען מיר וואלטן געפלויגן
זיינען מיר אין שיקאגא ביין טאג .

עס ברענט ניט דער טאטע
ער איז גאנץ געלאסן ,
מיט פרייד זיינען זאטע
זיין לאכן און שפאסן .

דיר ווילט זיך איצט פליגלען ;
א פידלער גאר ווערן ; ,
אין הימל זיך שפיגלען
און ציילן די שטערן ; .

[illegible] אין דער ציילן
דער הימל צו צייט ,
מען דארף זיך ניט אײלן
מיר'ן קומען אין צייט .

אין וואגאן איז שוין טונקל
עס שלאָפט שוין א יעדער ,
נאָר פאר אין ווינקל
עס זינגען די רעדער .

א מורמל א שפילן
אין זייער געזאנג ,
מיר לויפן דערפילן
א הארציקן פארלאנג

צו א כאָלעם געגארטן
מיר לויפן געשווינדער ,
דאָרט וווּ עס וואַרטן
ליבינקע קינדער ..

מיט פענימער ווערפריידטע
זיי שטייען צוזאמען ,
מיט אָרעמס מעשפרייטע
פאר טאטן און מאמען .

מיר זיצן און קלערן
מען פילט זיך דערהויבן ,
פינקלען די שטערן
דורך נאכטיקע שויבן .

אין הארץ אזוי פריי
די אויגן זיי שטראלן ,
עס לויפן פארביי
צעליכטיקטע וואקזאלן .

פאבריקן און שטעט
זיינען אנקעגן געלאפן ,
וואָס טויג איצט א בעט ?
ווער קען דען איצט שלאָפן ? .

ווען פון מיזראך האט דער הימל
זיך בלוי־רויט געשיקט ,
האט ענדלעך א דרימל
אונז ביידן באזיגט .

דערפרישטע באַרוטע
מיר האבן דערוואכט ,
האט 16 פער אויגוסט
זיך זוניק צעלאכט .

מיר זיינען באַרינגלט
מיט מאכטיקע ווענט ,
ס'האט באַן זיך געשלײנגלט
אין זוניקן בלענד .

מיט גרינקייט פארשפרייט
די פעלדלאך אין צוויט ,
ווער האט זיי פארזייט
אויף בערג פון גראניט ? .

ווער האט די בערג דא געשניטן ?
אויסגעטירט דעם פלאן ,
עס זאל קענען אין מיטן
דא לויפן א באן ? .

אז איך מיט דער מאמען
זאלן קענען אצונדער ,
לויפן צוזאמען
צו אונזערע קינדער ? .

דעם האבן דא מיינע ברידער
די קירקעס צעשאונגען ,
מיט ארבעט און לידער
די לופט דא פארקלונגען .

דאָס האַרץ אין דערקװיקט
פונעם געלדענעם בלענד ,
א בראָכע זי שיקט
פאַר ערלאַכע הענט .

אזוי צײט און צײט
די באַן אײנעם יאָג ,
צװישן בערג פון גראַניט
א גאַנצענעם טאָג .

נאָר עס קומט פון הױבן
א װאָלקן אנקעגן ,
און עס װאַשן זיך שױבן
אין פלײציקן רעגן .

דער לאָקאָמאָטיװ װי א מידער
נעמט לאַנגזאַם זיך שלעפן ,
ס'װילן רוען די גלידער
די אױגן זיך קלעפן .

ס'װערט פינצערניש צעריסן
מיט בליציקן בלײאַסק ,
ס'לאָזט אונז באַלד װיסן
דער דונערשער טראַסק . —

אז קײן רו איז נישטאָ
בײ הימל און ערד ,
יעדער מינוט, יעדער שאָ
עס שאַפט און צעשטערט .

דאָ בױט ער, דאָ צערײסט ער
דאָ פלאַנצט ער און פ'בליט ,
אָט דאָס איז דער מײסטער
פון די בערג פון גראַניט .

ס'האט באן דורך דער נאכט
זיך פארטיק געמאכט,
אין רעגן, זיך געוואשן געצוואגן,
זיך געפוצט און געגלעטיקט
און טאקע פארשפעטיקט
און פרובירט דאס איצט צו דעריאגן.

ס'איז דאך 17 טער אויגוסט היינט
טאטע, מאמע, און פריינט
פאר טויזנטער מיילן ווייט,
געטרויט די על קאפיטאן
אלס די זיכערסטע באן
אז זי וועט זיי ברענגען אין צייט.

באלד פון פארטאג
פארשנעלערט דעם יאג
ארויס פון געשליינגלטע וועגן,
ניט מער קיין וועגן געבויגענע
די שטרענגע אויף פידל געצויגענע
און ס'שפילט די זון איר אנטקעגן.

ס'ציען זיך פעלדער גלייכע
אין קאלירן רייכע
א טעפיך מיט טויזנט אוזערן,
ס'פליען ביימער נאך ביימער
אין גרין און אין קוויטן
און טנעפעט מיט גאלדענעם קארן.

פורלאך עס פארן
עס שלעפן טראקטארן
טשעבעט און ברעגנעט שמאך,
טי ער און טי זי
פארגליבן די מי
אונטער א שיינדריקן דאך.

צי וועט דאַ דער שאָפער
פון זיין אַרבעט גענייטן ?
צי וועט דער פאַרכאַפער
זיין ברויט ניט פאַרשפּילן ?
אויסערן ריגל פון שלאָס ,
אין האַרץ פון אַ ריס
וויל איך ניט אויף געהיים
אַז עס וואַרט שפּעקולאַנט —
און באַנקיר באַלעבאָס .

באַנקיר איז שוין גרייט
ער ציילט שוין דאָס ברויט
זיין געלט מיט פּראָצענטן צו מאָגען ,
פון קאָרן און ווייצן
וועט באַלד נעמען פליסן
אין זייערע קאַסעס —
די שווערע מיליאָנען . — — — — — —

ביים פענצטער געזעסן
געטראַכט אין דער שטיל ,
און קיינמאָל ניט פאַרגעסן
מיין וועג און מיין ציל .

נאָר באַלד נעמען זיך באַווייזן
בילדער דערמאָנטע ,
בריקן פון טייכן
קוימענס באַקאַנטע .

ס'ציט די באַן
אויף פיל רעלסיגע וועגן ,
ס'קומט שוין נאָך שוין
אונז שיקאַגאָ אַנטקעגן .

האַסטיק נעמט פליען
דאָס פרייד אין די בלוטן ,
סעקונדן זיך ציען
און ס'קומען מינוטן .

פון פרייד די דערוואַרטע
אין א ווירקלאַכקייט געוואָרן ,
פאַרלאַנגען געגאַרטע
פון יאָרן און יאָרן .

שיקאַגאָ !
איך האָב דיר פאַרלוירן
און ווידער געפונען ,
אין דיינע אָרעמס דורך יאָרן
באַלוימטע געשפונען .

די קינדער פון דער מאַמען
דיינע זאַפטן געזויגן ,
ביי דיר דאָ צוזאַמען
אונזערע קינדער דערצויגן .

שוין יאָרן און יאָרן
מיט דיר זיך געזעגנט ,
איצט געקומען צו פאָרן
זיך ווידער באַגעגנט .

דו האָסט אונדז אויפגענומען
ווי א מאַמע א צעהיצטע ,
אנקעגן געקומען
א צעפּאַרעטע פאַרשוויצטע .

עס האָט אונדז דיין שוויצן
גאַנץ ווייניק געאַרט ,
ווייל הייסערע היצן
האָבן אויף אונדז דאָ געוואַרט .

עס שטייט שוין די באַן
די רעדער. שוין שטיל ,
בלויז נאָך איין שפּאַן
און מען איז דער ציל .

אראפ פון די טרעפ
אין טיערן שפאציר ,
מיט געהויבענע קעפ
עס שטייען ביים טיר .

מיט הימען געפלאטער
דורך מאקזאלישע שויבן ,
מיט פענימער צעשטראלטע
אונזערע ליכטיקע טויבן .

מיט הייליקסטע פלאמען
די הערצער צעצונדן ,
מיטן טאטן און מאמען
פארקניפט און פארבונדן .

דער טאג פון אונזער קומען
האט זיך ליכטיק צעשיינט ,
ס'האבן אויך איינמאל גענומען
אונזערע פריינט .

עס פירט אונז דער וועג
אין הויז אריין גלייך ,
וואו עס וואשט זיך דער ברעג
אין מישיגאן טייך .

ס'איז אונז אזוי גוט
מיר זיינען ווידער איצט דא ,
מיר בענטשן די מינוט
מיר בענטשן די שעה .

אײניקל און זײדע
שוין צװײ גרױסע מענער ,
דיסקוטירן זײ בײדע
טעכנישע פּלענער .

אַ טרײסט בײ אונז בײדן
װי אַ ערפּלאַן שװעבט ,
אַז װױל איז דעם זײדן
װאָס האָט דאָס דערלעבט .

דאָס האַרץ אַזױ זיכער
מיט פרײד איבערבירט ,
איבער ביכער און ביכער
דזשורעלע שטודירט .

ס'פרײען זיך טאַטע און מאַמע
ס'שטראַלט דאָס גליק פון זײ בײדן ,
מיט גליק און פרײד זײנען זאַטע
די הערצער בײ באָבען און זײדן .

צו קלײן איז מענטשלעכער שײכל
צו קענען באַשרײבן דאָס גליק ,
װען ס'[illegible] טעכטער אנקענען איר שײכל
דער אײדעם זײן האַרציקן בליק .

אַ טעג צו ליכטיקע פונקען
אױף שטענדיק אין האַרץ װעט איר זײן ,
באַרױשטע האָבן מיר אײך געטרונקען
װי דעם בעסטן און טײַערסטן װײן .

מיט פרײד פון יעדערן באַזונדער
לױפן דורך די טעג ,
און װאָס טאָרן מיר צו קינדער
אידער שוין אין װעג .

# װידער אין װעג

נו, אט פארן מיר שוין װידער
מיט טיפבע זפצט די מאמע ,
די פלאנעטעס שוין לידער
צו שרייבן פינאטאמע ! .

אַ זאמל אין די שיינע בלומען
די פריידנספולע טעג ,
פון אונזער פארן אונזער קומען
אויף אונזער יטנעטריקן װעג .

ניטערק צענטראל" טראגט אונז װידער
אינעם נאכטיקן געפלי ,
באהעפטן זיך מיט ליבע גלידער
טורנען אין דער פרי . —

מיט די קינדער העלבע טארטן
דארט אויף אונז מיט פרייד ,
מיר פילן שוין דעם קוש דעם צארטן
װאס איז פאר אונז שוין אנגעגרייט .

אויגוסט איין און צװאנציק
אין יאר ניינצן פערציק זיבן ,
זאל גאלדיק בליציק גלאנציק
אין מיין טאג בוך זיין פארשריבן .

ס'האבן שען זיך געקיפלט
אין זוניק הייסן בראנד ,
ס'האט די זון שטארק צערוימלט
אין גלות, דעם מאדירא ראנד .

די גאלדענע זונען שטראלן
שניידן דורך די שויבן ,
און שיקן אונז די פרייד פיגאלן
און מיר פילן זיך דערהויבן .

די זון איז שוין פארגאנגען
אין נאכטיקייט געהילט ,
באפרייט די ערד פון פייער צאנגען
אָפּגערוט און אָפּגעקילט .

דער הימל איז ריינער
קיין וואָלקנדל פאראן ,
שטערנדלאך ווי דימענטן שיינער
פינקלען ,אין די פענצטער פון דער באן .

שוין פארלאָשן אלע ליכטער
טונקל אין וואגאָן ,
אין דער פינצטערניש געדיכטער
שטעט, וואקזאלן קומען אָן .

דורך די שויבן פון א בליץ
מיט ליכטיקייט און טומל ,
עס וועקן זיך פון יעדן זיץ
פון זייער שלאָף און דרימל .

נאָר מיר ביידע זינגען נאך
ס'קען דער שלאָף אונדז ניט באזיגן .
קערעלעס און פאנעלעס קעלכעלאך
אין די הערצער זינגען .

ווי א ברויזנדיקער קוואל
האָט דאָס בלוט צום הארץ געהאמערט ,
אז באלד איז כאשעלע און סאל
אין אונזערע ערעמס איינגעקלאמערט .

מינוטן קיילען זיך אין שטען
און די רעדער רוישן יאָגן ,
און די שויבן נעמען בלויען
מיט קאָלירן פון פארטאָגן .

